מאָריס ווינטשעווסקי

# געזאמלטע ווערק

רעדאקטירט פון קלמן מרמר

פארלאג „פרייהייט“
ניו יאָרק, 1927

# פאָרוואָרט.

מאָרים ווינטשעווסקי האָט זיך פרי אָנגעהויבן אויסדריקן אין דראַמאַטישער פאָרם.

אונטער די דיאַלאָגן און דראַמאַטישע סיטואַציעס אין זיינע פעליעטאָנען און לידער, האָט מאָרים ווינטשעווסקי שוין אין אָנהויב פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט געפּלאַנט „צו שרייבן דריי דראַמען פון יענער פּעריאָדע“: די „כאַפּערס“, די „אויפ־קלערער“ און די „אידן־פראַגע“. ער האָט אויך דעם דאָזיקן פּלאַן פאַרווירקלאַכט אין זיינע דראַמען דער „לעצטער נאַבאָר“, דער „מירער עילו“ און „כלומרשט א חתונה“.

דעם „ערשטן נאַבאָר“ האָט מאָרים ווינטשעווסקי געבויט אַף אַ פּאַקט, וואָס ער האָט אַלס קינד געהערט אין זיין פאָ־טער׳ס הויז. זיין ערשטן פאַרזוך צו דראַמאַטיזירן אָט־דעם מוזשעט האָט ווינטשעווסקי געמאַכט אין זיין לאָנדאָנער „צו־קונפט“ (געוועזענער „פּוילישער אידל“), אין די צוויי נומערן פון 24טן אַפּריל און 1טן מאַי 1885. ער האָט עס געטאָן אין אַ „דראַמאַטישן געדיכט“, אונטערן נאָמען: „ניט געכאַפּט“ — „אַ וואָרע געשיכטע אין פערזן, דראַמאַטיש באַאַרבייטעט אין צוויי סצענען“. די פּערזאָנען דאָרט זיינען געווען: משה, אַ יונגער ישובניק, אַ יאָר נאָך דער חתונה; חייעטשקע, זיין ווייב און וועלפקע, דער קהל׳ס־מאַן און כאַפּערס.

מאָרים ווינטשעווסקי איז ניט געווען צופרידן מיט אָט־די „צוויי סצענקעלאַך“. נאָר צוליב פאַרשיידענע אורזאַכן האָט ער אָנגעהויבן דראַמאַטיזירן דעם אינהאַלט פון „ניט געכאַפּט“ ערשט אַרום 1913 אָדער 1914. אַזוי איז די פּיעסע ביסלאַכ־ווייז „אויסגעוואַקסן“ פון אַן איינאַקטער צו דריי אַקטן.

„ווען די פּיעסע איז געווען פאַרטיק אין אַלע דריי אַקטן“, — שרייבט ווינטשעווסקי אין זיין פאָרוואָרט צו זיינע „דראַמאַ־טישע ווערק“ (ניו יאָרק, 1920), „האָב איך געפילט, אַז וואָס

דער ווערט זאָל ניט זיין פונ'ם בילד אַלס אַ ציוטבילד, אַלס אַ שילדערונג פון אַ געוויסע עפּאָכע אין דעם לעבן פון אונזער פאָלק, קען די פּיעסע ניט בלייבן געענדיגט ווי זי איז. דער סוף איז דראַמאַטיש ניט ריכטיק און דער עולם טאָר ניט אַרויס־גיין פונם טעטער, אָדער אוועקלייגן דאָס בוך אונטער דעם איינדרוק, וואָס ער טראָגט אַרויס, דערגייענדיק ביזן סוף פון פונ'ם דריטן אַקט.

פון דער אַנדערער זייט האָט דער היסטאָרישער אמת פאַר־לאַנגט, אַז דוקא אַזוי זאָל זיין דער סוף פון דער מעשה — אַזוי און ניט אַנדערש.

דאָ איז געווען אַן אמת'ע דילעמא. אַזוי שלעכט און אַזוי נאָך ערגער. אין אַט־דעם שלאָגן זיך מיט דער דעה זייגען פאַרגאַנגען ניין־צען חדשים.

איין טאָג, אַף די בערג, דורכלייענענדיק אַ ראָמאַן פון דעם גרויסן פראַנצויזישן שריפטשטעלער אַנאַטאָל פראַנס, איז מיר פּלוצלונג איינגעפאַלן, אַז מיין פראַגע קען געלייזט ווערן, ווען איך זאָל באַנוצן די אידייע פון יענעם ראָמאַנ'ס סוף, הגם מיין פּיעסע האָט אין קיין פרט קיין שום שייכות ניט מיט פראַנס'עס דערציילונג.

איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט און אין אַ גאַנץ קורצע צייט איז געווען אויפגעשריבן „די מחיצה“, אַן עפּילאָג צום „לעצטן נאָבאָר“.

וואָס איז דערמיט אויפגעטאָן געוואָרן?

איינפאַך דאָס, וואָס דער סוף איז איצט דראַמאַטיש נאַ־טירלאַך“.

אויפגעטאָן געוואָרן איז דערמיט אַניך אַן אַנדער זאַך:

דער עפּילאָג איז אַזוי געשריבן, אַז ער קאָן אַלס איינאַק־טער געשפּילט ווערן אומאָפּהייננגיק פון דעם „לעצטן נאָבאָר“. ער איז טאַקע אַזוי געשפּילט געוואָרן מייט א צען יאָר צוריק אין איינעם פון די ניו יאָרקער טעאַטערס. (דאָס איז געווען צו ווינטשעוועסקיס זעכציק־יאָריקן געבורטסטאָג אין אויגוסט 1916).

דעם „מירער עילו“ האָט ווינטשעווסקי אויפגעשריבן אין לאָנדאָן, סעפּטעמבער 1886, און אָט די קאָמעדיע ווערט דאָ פאַר־עפנטלאַכט צום ערשטן מאָל.

ווען ער האָט שפּעטער פאַרלאָזן ענגלאַנד פאַר אַמעריקע, האָט ווינטשעווסקי געהאָפט, אַז דער „מירער עילו“ וועט דאָ אין לאַנד ווערן פאַר זיין פאַרפאַסער אַ קוואַל פון הכנסה. נאָר אויסגעלאָזן האָט זיך אַנדערש. מאַדאַם ליפּצין „האָט געהאַלטן די פּרוויען־ראָלן פאַר צו אומבאַטיידנד פאַר איר“. מאָגולעסקאָ, וועמען די פּיעסע איז יאָ געווען געפעלן, „האָט געוואָלט פאַר־אייניקן ר' חייקלען מיט ר' צמחן“ (דעם פאָטער און דעם זון), אַף וואָס ווינטשעווסקי איז אָפּנים ניט איינגעגאַנגען.

מאָרים ווינטשעווסקי האַלט שטאַרק פון דעם „מירער עילו“. ער איז אויך זיכער געוועכט, ווען ער זאָגט, „אַז אין דער פּיעסע איז דאָ „אינהאַלט“, גענוג „האַנדלונג“ און, דערלויבט מיר צו זאָגן, אויך גוטער אידיש, ספּעציעל אַלס אַ דראַמאַטישע זאַך געשריבן מיט פערציק יאָר צוריק“ („דעם זיידנס ווינקל“ — „פרייהייט“, 30טן יאנואר 1927).

„אַ חתונה און אַ לויה“ האָט מאָרים ווינטשעווסקי פאַר־ענדיקט דעם 25טן נאָוועמבער 1921. ס'איז געוויסערמאַסן זיין „שוואַנען־געזאַנג“ און איז דורכגעדרונגען פון דער לעבנס־חכמה און דער גוטמוטיקער איראָניע פון דעם „ערפאַרענעם גרייז“.

דעם „שטן מקטרג“ האָט ווינטשעווסקי געשריבן אין באָס־טאָן, סעפּטעמבער 1895, און דעם זעלבן מאָנאַט (20טן סעפּ־טעמבער) עס געדרוקט אין זיין „אמת“. שפּעטער, אין 1921, האָט ער עס איבערגעאַרבעט און פאַרגרעסערט, און אין אָט־דער נייער פאָרם ווערט עס דאָ פאַרעפנטלאַכט צום ערשטן מאָל.

אַלע פאַרטייטשונגען און באַמערקונגען זיינען פון דער רע־דאַקציע.

ניו יאָרק, 30טן אַפּריל, 1927.

קלמן מרמר.

# דער לעצטער נאַבאָר

דראמע אין דריי אַקטן מיט אן עפּילאָג, „דֵי מחיצה“

# פּ ע ר ז אָ נ ע ן:

מיכאַל גריץ, אַ רייכער ישובניק, אַן אלמן.
חיה שרה, זיין טאָכטער, אַ יונגע פרוי פון אַ יאָר 19, אַ נאַטור־קינד, אָבער ניט אומוויסנדיק; רויט, פריש, פריי.
רחמיאל, איר מאַן, 21 יאָר אַלט, אַ „זיידענער יונגערמאַנטשיק“, אַ מיוחס, אַ וואויל־לערנער און אַ שטיקעלע משכיל.
באָבע רויזע, מיכאַל'ס מוטער, אַן 80־יאָריקע אַלטיטשקע, קאַם־וואָס־זי לעבט, רעדט בטבע זייער געלאַסן.
פּייוועקע דעם מילנער'ס, אַ אינגל פון אַ יאָר 16, אַ מאַדים; אַ גוטער קאָפּ, נאָר שטענדיק פאַרטראַכט.
סטעפּאַנקע, אַן אויסגעדינטער, ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט, פון די ערשטע קאַנטאָניסטן, 45 יאָר אַלט.
וועלפקע, דער סבאָרטשיק, אַ איד פון אַ יאָר 40, קלוג, גראָב, געשווינד.
די כאפּערס, וועלפקע'ס באַגלייטער.

אָרט: אַ דאָרף אין קאָוונער גובערניע.

צייט: דער יעסן פון 1873, נאָך ימים־טובים.

צווישן דעם ערשטן אַקט און דעם צווייטן פאַרגייען דריי וואָכן.

אַרויסצוברייִנגען דעם לאָקאַלן קאָלאָריט דאַרף מען אַרויסריידן: שין ווי סמך, זש... ווי זין, טש ווי צ.; אויף—אַמאָל ווי אוף (שטיי אוף), אַמאָל ווי אַף (אַף דער צייט); אום ווי עם, או אומער ווי „או“ אין דייטש, ניט ווי אי (פּוילישע אויסשפּראַך).

דער, וואָס שפּילט סטעפּאַנקען, דאַרף זען ניט צו מאַכן די ראָלע צו ביליק־קאָמיש דורך דעם לשון זיינעם. סטעפּאַנקעס „האַלב טייטש פּאָלאַ־

ווינאַ רייסיש״ דאַרף ניט שטערן דעם ערנסט פון דער פּיעסע, ספּעציעל דאָרטן, וואו די שטימונג איז אַ געהויבענע.

פייווקען דאַרף מען אויך באַהאַנדלען ערנסט.

ער איז אַ 16־יאָריקער בחור, וואָס האָט זיך געהאַדעוועט זיין גאַנצן לעבן אין דאָרף, אַף דער פרייער לופט. ער איז פּראָסט אָבער געזונט און פריש — אין גוף ווי אין מוח. אַז ער ליבט חיה־שרה׳ן, פאַלט אים אפילו אין חלום ניט איין. אויך איז זיין ליבע צו איר ניט געשלעכט־לאָך. ער פילט בלויז — פילט, זיך ניט אָפּגעבנדיק וועגן דעם קיין שום דין וחשבון — אַז זי איז דאָס העכסטע, דאָס פיינסטע, דאָס בעסטע, וואָס ער זעט אַרום זיך. ער באַוואונדערט איר שכל ניט ווייניקער ווי איר פיזישע קראַפט, אָדער איר קוראַזש. זיין ליבע דריקט זיך אויס דורך דעם, וואָס זיין גאַנצע נשמה איז פול מיט חיה־שרה׳ן.

פייווקע מוז דערפאַר געשפּילט ווערן כסדר פאַרטראַכט, חוץ ווען ער רעדט מיט איר אַליין, ריכטיקער, ווען זי רעדט מיט אים. ער דאַרף אין יעדער אַנדערער שטעלונג אויסזען ווי איינער, וואָס איז טויב פאַר אַנ־דערע מענשענס ווערטער, וואָס ענטפערט ניט גערן אַף פראַגן און וואָס מערקט כמעט ניט, ווען מען אונטערברעכט אים.

פאָרזיכטיק דאַרף אויך געשפּילט ווערן די אַלטע 80־יאָריקע באָבע רויזע. אַ פערזאָן, וואָס איז „קאָם־קאָם וואָס זי לעבט״, וואָס רעדט זייער, זייער לאַנגזאַם און וואָס ענטפערט אַף יעדער פראַגע מיט אַ „ווער? איך? האַ? יע״, אָדער „ניין״, קאָן געמאַכט ווערן פאַר אַ קאָמישע ראָל, כדי צו מאַכן לאַכנדיק דעם עולם. דאָס טאָר בשום אופן ניט זיין דער פאַל, ווייל זי און סטעפּאַנקע דאַרפן — זי אַף איר אופן און ער אַף זיינעם — אַרויסברייונגען דעם טראַגיזם פון דער קאַנטאָניסטן־צייט, וועלכע האָט געשטיקט און געדריקט דאָס אידישע פאָלק אונטער ניקאָלאַי דעם ערשטן.

# ערשטער אַקט

(אַ גרויסער צימער, אין מיכאַל'ס הויז: אין מיטן, אין דער ברייט, אַ דאָפּלטער גאַרדין, אַזוי פאַנאַנדערגעצויגן, אַז עס זעט זיך דער גאַנצער הינטער־גרונט. דאָרטן שטייען פון ביידע זייטן אַ בעט און אַ שלאָפבאַנק, צווישן ביידע אַ קופערט. פאָרנט איז דאָ לינקס אַ טיר אין הויף אַריין און רעכטס אַ פענסטער).

## ערשטע דערשיינונג

מיכאַל

סטעפאַן!

סטעפאַנקע

נו־או!

מיכאַל

אַלץ אַרייגענומען? אין בויד גאָרנישט איבערגעבליבן?

סטעפאַנקע

גאָרנישט געלאָזשון, ווסיאָ זאַבראַל.1)

מיכאַל

דעם סעגניק פון געזעס פאָרנט אויך?

סטעפאַנקע

סיענניק זאַבראַל, ווסיאָ זאַבראַל.

מיכאַל

און דעם פערד האָבער?

---

1) אַלץ צוגענומען.

סטעפּאַנקע

גיגיבון האָבער אי ווסיאָ פּראָטשיע...2) סראַזוו3) אַלץ געטאָן! מיר נישט דאַרף זאָגון: ניע דראָם 4) פּיפּאוטשוואַנטשיק יאָר מי־קאָלייען גידינט.

מיכאָל

כשר האָט די בהמה די פּאָרציע אירע היינט פּאַרדינט, סטע־פּאַנקע! דאָס איז אַביסל געווען געשפּרייזט פון שטאָט אהער־צו־צו! פּים אַביסל געשטעלט! און דער וועג, אַ ניכפּע זאָל עס פּאַרצאַפּלען, אַ הויקער אויף אַ הויקער און... גאָרנישט! איז זיך גע־גאַנגען מיין פערדעלע, האָט זיך אפילו אַ קרים ניט געטאָן. פּאַר־דינט זיין פּאָרציע, כשר פּאַרדינט... סטעפּאַן!

סטעפּאַנקע

נו־או

מיכאָל

וואו זענען די קינדער?

סטעפּאַנקע

רחמיאל מיט באַרינִיאַ5) אין קרעטשמע געבליבט... האָזש מען דאָרט רחמיל'ען גיפּריעגט ראַזליטשנע6) זאכון. מילנער, קרעטש־מאַר אליין אידון, גאָסטי,7) פּאָנימאיעש,8) רחמיל'ען גיפּריגט טאָק־לי מאָל זשיך דאָס פּריקליוטשאיעט, אַלי אינאַטשע.9) ער דראוואי

---

2) און דאָס איבעריקע.
3) מיט אַמאָל.
4) ניט אומזיסט.
5) באַלעבאָסטע.
6) פאַרשיידענע.
7) געסט, אורחים.
8) פאַרשטייסט.
9) האָט זיך דאָס אַזוי געטראָפן אָדער אַנדערש.

דערציעלען, ראַזיאַסנאַייען 10) אַלץ קאַק סליעדויעט...11) גיי־ליערנטי מענטש רחמיל דיינער...

מיכאַל

זאָל איך אַזוי וויסן פון דיין קאָפּ, ווי איך ווייס וואָס דו פאַר־טאָלעסט מיר דאָ אַ מוח. געפרעגט... געזאָגט?... ווער? וואָס? ווען?

סטעפּאַנקע

אַ מניע פּאָטשאָם12) אַלץ וויסן? מענטשון גיפריעגט, ער גי־ענטפערט, איך גיהערט. קום־איך — דערציעל דיר... ווי איך גיקויפט, אַזוי פאַרקויף איך, אַ טאַם באָך איך וועדאיעט,13) דאָס אַלץ ניט פּאָ מאָיעי טשאַסטי...14) אָט קומט פייווקע, פרעג אים.

10) דערקלערן.

11) ווי ס'באַדאַרף צו זיין.

12) פון וואַנען זאָל איך.

13) ווייטער, ווייסט זיי איין גאָט וואָס זיי ווילן.

14) קערט זיך מיט מיר ניט אָן.

## צווייטע דערשיינונג

מיכאל

קומען די קינדער אהיים, פּייווקע?

פּייווקע

האָב זיי געלאָזן אין קרעטשמע. רחמיאל האָט עפּעס פון שטאָט מיטגעבראַכט אַ זאָגער, אַ מגיד...

מיכאל

אַ מגיד? מיטגעבראַכט? ניט אויף מיין ביידל. סיידן פון הינטן האָט ער זיך אָנגעהאָנגען (שמייכלט, הנאה האָבנדיק פון דעם ווערטל), אין וואָגן איז געווען פול אָן אים. מי האָט זיך די פיס פארביטן, די פלייטשעס צעריבן. אגב האָט אַ זאָגער ניט וואָס צו פאָרן אין דאָרף אריין.

פּייווקע

האָט, פארשטייט איר, דער דאָזיקער מגיד עס דערציילט מעשיות — גאָר אָן אנטיק!

מיכאל

וואָס רעדסטו פאר נארישקייט? עס איז קיין מגיד ניט מיט־געפאָרן מיט אונז... אין שטאָט האָט אַ זאָגער אין אַלטן קלויז... שבת... שבת־תשובה... געזאָגט... האָב אים געהערט... וועט אהער ניט פאָרן.

פּייווקע

חיה־שרה'לע האָט אַליין געזאָגט. אַ מגיד, אַ מגיד! סטע־פאַן, קום! זי האָט געהייסן פאנאנדערנעמען די סוכה.

סטעפּאַנקע

גיי, קומ'ך באַלד. (פּייווקע אָפּ.) מיכאאיל דאווידאָוויטש!

**מיכאַל**

וואָס ווילסטו ?

**סטעפאַנקע**

וויפיל דושעס15) דאַרף אויעזד אייערער שטעלן?

**מיכאַל**

אינם האַיאָריקן נאַבאָר ? זעקס־א־האלב. וואָרום וואָס ? דיך, ברודער, וועט מען שוין נאָכאַמאָל ניט ניעמען, דאַרפט ניט מורא האָבן.

**סטעפאַנקע**

איך ניט מיירע פאר זיך. אין קרעטשמע דאָ אַ איד פון שטאָט: איז קאַגאַלאַ, פאַנימאַיעש; 16) טאַק וואָט ער זאָגט פאַר דעם מילנער, פייווקאַ־זייני־פאָטער, אַז וועלן זיי נעמען קאָוואָ־בי־טאָ־ני־בילאָ17) טאָמער זיי פעלט אוים דושי.

**מיכאל**

לאָזן זיי נעמען ! ברודער־סטעפאן, מיר קאָנען די גאנצע וועלט ניט פאַר׳דאַג׳ענען. דער פאָוויעט18) איז גרוים; נפשות זענען דאָ גענוג. וועלן שוין צונויפסקראַבסקען די עטלאכע וואָס פעלן נאָך. דו גיי, דערווייל, העלף פייווקען פאַנאַנדערנעמען די סוכה: חיה־שרה וויל אזוי; וואָס די איילעניש איז ווייס איך ניט. זי הייסט. ברייגג אריין די סכך: וועט צוניץ־קומען.

**סטעפאַנקע**

(קראצט זיך די לינקע פאה) גיי׳ך, אָבער... מיכאַאיל דאַווי־דאָוויטש ! איך, פאַנימאַיעש, פארשטיי א יעייסוק. (קלאפט מיטן פינגער אין שטערן) סמיעקאַלקא יעסט,19) טאַק וואָט

15) נפשות.

16) פון קהל, פאַרשטייסט.

17) ווען ס׳ניט איז.

18) אויעזד, באַצירק.

19) פאַראַן מח.

האָזש'יך געהערט א וואָרט און פארשטאנט צען. ניע באָראָם פיפאוטשוואַנטשיק יאָר מיקאָלייען גערינט...

מיכאל

וואָס האָסטו פארשטאַנען ? רייד מיט גאַנצע ווערטער. עפן ברייט דעם זאַק און לאָז זיך שיטן ! ..

סטעפאַנקע

קלייבט זיך קאַנאַל צו דיר, מיכאַאיל דאַווידאָוויטש ! וויער־נאָ20) זאָ'ך דיר.

מיכאל

צו מיר ? לאָזן זיי זיך קלייבן. קענען נעמען אַלע זין מיינע — א ניכפע זאָל עס פארצאַפּלען.

סטעפאַנקע

זין טאַקי ניט נעמון, אָבער נעמון דיין זיאַטיאָק, איידעם דייני וויל זיי נעמען...

מיכאל

סטעפאַנקע ! רעדסט נאַרישקייט. גיכער וועלן זיי נעמען א שלאַנג פארן עק ; וועלן ניט סמייענען, ברודער יאָוון, צו קורץ די הענט. חא, חא, חא !

סטעפאַנקע

קיען זיין. גיריעכט, פאָזשאַלוי!21)

מיכאל

שייך גערעכט ! וועלן — נעמען — רחמיאל'ן ! ! דעם באָברויסקער עילוי מיט שמיכוש אף רבנות, געקנאָטן און געבאַקן פון רבנים און... און אָפּגעבן פאר א זעלנער... חא, חא, חא ! יאָרן, ברודער, האָסטו זיך בא מיקאָלאַיען דערדינט, שכל פעלט נאָך.

סטעפאַנקע

גוט, מיכאַאיל דאַווידאָוויטש ! אפשר... (אָפּ).

---

20) אמת.
21) אפשר.

מיכאל

(קוקט ארויס דורכן פענסטער) איך זע זיי קומען־ סטעפּאנקע! אים ניט א וואָרט, הערסט ? קען זיך איבערשרעקן... איז בא מיר פון די ציטעריקע.

## דריטע דערשיינונג

חיה שרה

(אריינקומענדיק) פון וואָס האָסטו דאָס אזוי הארציק געלאכט?

מיכאל

פון אונזער סטעפּאנקעס א שטיקעלע אידיש.

חיה שרה

פון זיין לשון איז ניטאָ וואָס צו לאכן, טאטע. א וואונדער אז ער רעדט נאָך אזוי...

מיכאל

וויים, מיין טאָכטער, איך וויים. צו אכט יאָר האָט מען אים אָפּגעגעבן. געוועזן צווישן די ערשטע אין דער צייט — ווי רופט דאָס באָבע רויזע ? אין דער צייט פון דער... פון דער...

רחמיאל

(כאפּט אים אונטער) פון דער בהלה. (צו חיה שרה) בהלה הייסט שרעק, די שרעקלאכע צייט, בעת מען האָט גענומען קליינע אידישע עופעלאך, האָט זיי געהאָדעוועט פאר סאָלדאטן, געהאָדעוועט פאר גוים, גע'שמד'ט פאר גוים...

חיה שרה

איך וויים רחמיאל. האָב זיך געגוג אָנגעהערט אי פון דער באָבען, אי פון סטעפּאנקען... נאָר רייד, רייד! בא דיר קומט שטענדיק אלצדינג ארוים עפּעס גלאטער.

רחמיאל

און ווענן דעם, זעסטו, איז גראָד ניט לייכט צו ריידן גלאט, ניט גלאט, ניט סקלאדנע. די בהלה־צייט וועט בלייבן אין אונזער פאָלק עפּעס ווי א וואונד אין הארצן, ווי... ווי... א פאַרשטעלטע

וואונד, א באהאַלטענע מכה, וואָס קיין פּען קען ניט באשרייבן, קיין מויל קען ניט שילדערן. דו הויבסט אָן צו ריידן און די ווער־טער שטעלן זיך דיר ווי ביינער אין האַלז און דו קענסט זיי ניט ארויסברייגגען, ניט ארונטערשלינגען... א קינה קען מען אף דעם קלאָגן, א דרוש קען מען אף דעם דרשה'נען, אָבער דערציילן קען מען ניט...

מיכאל

(אונטערברעכט אים) אָ, דאַר־דרשענען! הער וואָס פאר א בעל־דרש'ער האסטו דאָס מיטגעבראכט פון שטאָט?

רחמיאל

האָב ניט געבראכט, שווער, קיין בעל־דרש'ער — ווּעמען האָט זיך דאָס גע'חלומ'ט?

מיכאל

האָב גלייך געזאָגט, אָבער סטעפאַנקע שווערט מיט שבועות אז דו האָסט פון שטאָט מיטגעבראכט א זאָגער.

רחמיאל

איך? א זאָגער? דער בחור ווייס ניט וואָס ער רעדט.

מיכאל

פייווקע אויך. עפּעס האָסטו דערציילט אין קרעטשמע מעשיות פון מענטשן. האָסט, ווערליק ווי פּייווקע מיט סטעפאַנ־קען זאָגן, געהערט אין שטאָט פון א זאָגער, א מגיד... האָסט גע־בראכט... עפּעס אַזוינעם...

רחמיאל

(מיט א שמייכל) אָ, איצט פאַרשטיי איך. דו פאַרשטייסט, חיה־שרה'לע?

חיה שרה

(טוט א טראכט) ניין, דאכט זיך.

רחמיאל

דאָס איז א צייטונג אַזוינע: איר נאָמען איז „המגיד".

מיכאל

א ציי... א צייט־ונג?

רחמיאל

דאָס איז א בלאַט, וואָס מ'לאָזט ארויס אַלע וואָך א געדרוקטע און דאָרטן ווערט געשריבן פון אַלץ וואָס קומט פאָר אין דער וועלט. איז דאָס האָב איך מיטגעבראַכט פון שטאָט.

מיכאל

איי, איצט דערמאָן איך זיך, האָב עפּעס געזען אַזוינס פאַר־אַ־יאָרן שבועות אין קאָוונע בא א יונגן־מאַנטשיק אין יאַנעוווער אכסניאָ, אָבער וואָס מיינסטו : פון אַלץ אין דער וועלט ?

רחמיאל

פּשוטו כמשמעו — פון אַלץ. א שרפה וואו עס מאַכט זיך, א שיף, כאַפּט אייך אָן, גייט אונטער אַפן ים, ערגעץ־וואו פאַלט איין א הויז, א מאַן איז מעגן א ווייב...

מיכאל

וואָס מיינסטו דערמיט, רחמיאל ?

רחמיאל

א מאַן אַנלויפט פון א ווייב און מאַכט זי פאַר אַן עגונה, אָדער, מעלט אייך, א רב אין א שטאָט צוקריגט זיך מיטן ציבור, אָדער ערגעץ־וואו ווערט עמיצער באַ'גנב'עט, באַ'גזל'ט, צוגע־הרג'עט...

מיכאל

ניט אין קיין אידישע הויז געדאַכט !

רחמיאל

נו, יע ! אָדער — א מאַלע וואָס עס טרעפט זיך — איך וויים, א מלחמה הויבט זיך אָן צווישן צוויי מלוכות, אָדער... דער קיסר קומט ערגעץ אין א שטאָט אָנגעפאָרן, די קיסרינע ווערט גע־לעגן, אימיצער א גדול בישראל שטאַרבט פּלוצים אוועק, א — כאַפּט אייך אָן — א גרויסער נגיד ווערט נפטר אָדער גיט אויס א טאָכטער, אָדער מאַכט אַזוי גלאַט א שמחה, — איז אָט דאָס אַלץ ווערט אריינגעשריבן אין בלאַט אריין און ווען ס'ווערט אָפּגעדרוקט שיקט מען דאָס פאַנאַנדער אין אַלערליי מדינות אַלע וואָך...

מיכאל

אלע וואָך ?

רחמיאל

אלע ליבע וואָך !

מיכאל

און פון וואנען ווייסן זיי דאָס אלץ ?

רחמיאל

מען שרייבט צו זיי. מען שרייבט אויך, חוץ די נייעס, זאכן. מאמרים און שירים און אמאָל א פּירוש אף א פּסוק אין דער תּורה, א חידוש־זאך אין גמרא און וואָס ניט ?

מיכאל

(צוטומעלט פון די אלע הארבע ווערטער) אזוי ! א ציקאווע זאך, כ'לעבן ! נו, און מכּת תּבואה און בהמות... פלאקס, וואָל מילכיגס, אייפּס, אייער, געהילץ, היי — ווערט דאָס אויך גע־ שריבן ?

רחמיאל

ווי אמאָל, קען זיין. איך לייען ניט אָפּט אָט־די דאָזיקע בלעטער...

מיכאל

אָ, נו, און ווי קומט עס, אז מען רופט אזא מין כאנדריאָנגע א מגיד ?

רחמיאל

דאָס איז א נאָמען אזוינער. „המגיד" בעטייט אויך אַן אָנזאָ־ גער אין תּנ"ך, מיר זאָגן פון אים, כּביכול, המגיד מראשית אחרית, דער וואָס זאָגט אין אָנהויב וואָס דער סוף וועט זיין.

מיכאל

(באמערקט חיה־שרה'ן זיך אויפמערקזאם צוהערנדיק צו רחמיאל'ן) וואָס האָסטו אין אים אזוי ארייננגעלאָזן די אויגן, חיה שרה ? דאָס קען חלילה... א אשה דארף דאָס ניט טאָן, ניין, רחמיאל ?

רחמיאל

שטות, שווער, שטות !

מיכאל

נו, און וואָס האָסטו זיי דאָרטן דערציילט  אין קרעטשמע ? אדרבה, לאָמיר אויך וויסן.

רחמיאל

עטלאכע זאכן. קודם איז דאָרטן געווען באשריבן... וואַרט ! מען קומט... (אין טיר באווייזט זיך סטעפּאנקע).

## פערטע דערשיינונג

סטעפאנקע

(ווינקט צו מיכאל'ן) קומט ארויס. דארף אייך האבן. דיעלא יעסט![22]

מיכאל

לאז מיר איצט צורו מיט דיינע דיעלעס.

סטעפאנקא

קום פון קרעטשמע. וויל מיט אייך ריידן איז וואס איך אייך דאוועטשא, פריער, גיעזאגט...

מיכאל

האב ניט קיין עסקים מיט אים... וועל ניט גיין צו אים...

סטעפאנקא

קאק זנאיעש![23]

מיכאל

משוגע 'על איך ווערן!

סטעפאנקא

פאזשאלוי גערעכט... (טוט זיך ווידער א קראץ אין פאה) אבער, מיכאאיל דאווידאוויטש, זאג ער, יעווריי ענטאט[24], אז קומסטו ניט אין קרעטשמע, קומט ער אהער!

מיכאל

(ווערט א ביסל אונרוהיק; טוט זיך א גלעט דעם בארד און

22) פאראן אן עסק.
23) ווי איר ווילט.
24) אט־דער איד.

זאָגט:) און אפשר... מער ווי א גאנג קען איך ניט אָנווערן... אמאָל קען דערפון וואָס ווערן. געקאָסט האָבן די יום־טובים גע־נוג (צו די קינדער) איך קום באלד צוריק... וועסט מיר דערציילן רחמיאל... א ציקאווע זאך, כ'לעבן! שרפות, עגונות, מלחמות — מלחמות, זאָגסטו אויך, ניין? און... און... גאָרנישט! אָט וועלן מיר טאקע הערן. קום באלד צוריק... (גייט ביזן טיר און קערט זיך אום) סטעפאן! קום־מיט! (אין טיר, שטיל צו סטע־פאנקען) וואָס ווייניקער גערעדט, ער איז בא מיר א ציטעריקע זאך... (ביידע אָפּ).

רחמיאל

ער האָט מיטגענומען סטעפאנקען! משמעות וויל ער ניט מיר זאָלן וויסן צו־וואָס מען דאַרף אים.

חיה שרה

מסתמא, א משפט. דער טאטע זאָל לעבן, קריכט אלע ווייל אריין אין א נייעם סכסוך. אלץ דורך עקשנות.

רחמיאל

און אזוי איז ער, דאכט זיך, גאָר א רך־לב, ניין?

חיה שרה

יע, אָבער שפאַרט ער זיך איין, רירסטו אים ניט פון אָרט. איצט דערצייל, וואָס דאָרטן איז געשטאַנען אין דעם מגיד דיינעם מכח די שייקע גזלנים, וואָס דו האָסט אָנגעהויבן דערציילן אין קרעטשמע, בעת פּייווקע האָט מיר אוועקגערופן.

רחמיאל

די מעשה איז א שיינע און איז, משמעות, טאקע אמת אויך. געשריבן ווערט דאָרטן אָט־וואָס: (חיה שרה רוקט זיך צו נענטער צו אים און דורך די גאנצע ערציילונג האלט זי די מויל אָפן עפעס אזוי ווי זי וואָלט שלינגען זיינע ווערטער) ווערליק ווי דאָס ווערט באשריבן פון א געוויסן שפירע פון ווארשע, איז ערגעץ אין איטא־ליען...

חיה שרה

דאָס איז אזא מדינה, ניין?

רחמיאל

יע, יע ! ווערט שוין דערמאָנט אין דער גמרא. אין איטאַליע געפינט זיך רוים, און מכח רוים ווייסטו דאָך וואָס איך האָב דיר דערציילט וועגן דעם צווייטן חורבן. מילא, איז דאָרטן ערגעץ־וואו — געדיינק ניט דעם נאָמען פון די שטאָט — געווען א באנדע רויבער, וואָס פלעגן ראבעווען און אָנטאָן גרויסע רציחות אף די וועגן ארום די וועלדער. ויהי היום איז איינער פון די באנדיטן מיטן נאָמען מאָניקאָ גע'הרג'עט געוואָרן אין א געשלעג — צי מיט פאָליציייסקע, צי מיט זעלנער, צי אזוי מיט מענטשן, שטייט ניט געשריבן. האָט אָט־דער מאָניקא נאָכגעלאָזן א יונגע אלמנה מיטן נאָמען מרים — אז זי זאָל זיין געווען א אידישע, לייגט זיך ניט אפן שכל: בא זיי ביניהם איז אויך דאָ אזא נאָמען...

חיה שרה

(כאפט אונטער) — מאַריא — למשל, סוועגטא מאריא... נו, נו !

רחמיאל

יע, האָט דאָס מסתמא דער שרייבער אף לשון קודש געמאכט דערפון מרים. נו, האָט אָט־די יונגע ווייבל געשוואָרן אז זי וועט זיך נוקם זיין אָן די... אָן אלעמען, פאר איר מאנס טויט. און וואָס מיינסטו טוט זי ? זי שטעלט זיך פאר דער רויבער־באנדע און זאָגט, זי וועט ווערן זייער פירערקע, און כך־הוה. איצט דארפסטו וויסן, חיה שרה, אז די מאריא, אָדער מרים איז זייער א שיינע.

חיה שרה

דו זאָגסט איז: הייסט עס טאקע אז זי לעבט נאָך...

רחמיאל

געוויס, אָט הער ווייטער. איז די מרים, זאָג איך, זייער א שיינע, מיט האָר שווארץ ווי פעך און מיט אויגן וואָס בליסטשען און זענען... פול... מיט גלאנץ (חיה שרה ווערט נאָך מער אויפמערקזאמער) „מבריקות — שרייבט ער — ומפיקות נוגה כאור" — בזה הלשון שרייבט ער און זאָגט ווייטער, אז זי האָט א הארץ פון א לייב און זי איז שרעקלאכער פון חיות וואָס פארצוקן לעבע־

דיקע ברואים. איז זי, הייסט עס, ווערט די פּירערקע פון דער שיי־
קע און מען פאָלגט איר ווי סאלדאטן א גענעראל, א שטייגער. און
איצט קומט די רעכטע געדיכטע...

חיה שרה

איך הער, איך הער!

רחמיאל

דארף זיך אין די ווייבל איינליבן א יונגער מענטש, וואָס איז
א קורצע צייט פריער צוגעשטאנען צו דער באנדע — אפשר טאקע
לשמיה ולשמה צוליב איר — און זאָגט דאָס איר... בא זיי איז
דאָס...

חיה שרה

יע, יע! און זי?

רחמיאל

זי וויל פון קיין זאך ניט הערן און שיקט אים אוועק פון זיך
מיט א נאָז. מיין בחור ווערט איצט מלא רציחה, אנטלויפט פון
דער באנדע און גיט איבער די ווייבל אין די הענט פון נאצאל־
סטוואָ

חיה שרה

פאר'משפט, מסתמא, אף טויט?

רחמיאל

דאכט זיך אף דרייסיק יאָר טורמע... האָב דעם „המגיד" אין
קעסטל, וועל שפּעטער א קוק טאָן.

(אין פענסטער באווייזט זיך פּייווקע).

ר' פּייוועל האָט זיך צוגעהערט פון יענער זייט פענסטער.

חיה שרה

ער האָט פון קינדווייז אויף האָלט געהאט מעשיות...

פּייווקע

אזעלכע האָב איך ניט געהערט... אָבער אזא מאריע, וואָס
רייט אף א פערד, און איר לאנגע קלייד הייננט אראָפּ, און אפן
קאָפּ האָט זי א ציפּיק עפּעס גאָר ניט קיין ווייבערש, מיט א הוי־
כע פעדער א ווייסע... האָב געזען אזא פּאָטרעט אין שטאָט.

חיה שרה

וואו האָסטו עס געזען ?

פייווקע

אין א קראָם ערגעץ. און ווייסטו, נאָכדעם באַנאַכט האָב איך די רייטערקע געזען אין חלום און... ווי איך בין א איד — זי האָט געהאַט דיין פּנים, חיה־שרה׳לע! — הער! דער טאַטע האָט געהייסן אריינטראָגן די סכך פון סוכה, צו וואָס דאַרף ער דאָס ? זאָל איך ?

חיה שרה

טראָג אריין. בא אים גייט קיין זאך ניט אין ניוועץ. (צו רחמיאל׳ן) אזעלכע וואָלט מען ניט געדאַרפט פאַר׳משפט׳ן... וואָס מיינסטו ? ווען מען וואָלט חלילה, ניט אין אבייזע שעה צו ריידן, דיר צוגענומען פון מיר, — מיינסטו איך וואָלט געשוויגן ? איך וואָלט, מיינסטו, ווי אַלע ווייבער געבראָכן די הענט און געיאָמערט? געבראָכן וואָלט איך קעפּ ! כוח וואָלט זיך בא מיר געפונען, גבורה ! אין סימביר וואָלט איך נאָכדעם אוועק אָבער דיר פון מיר וואָלט מען איינס־צוויי־דריי ניט גענומען...

רחמיאל

אַנטקעגן וואָס זאָגסטו דאָס ?

חיה שרה

אַנטקעגן גאָרנישט. דו וועסט מירצעשעם אייביק זיין מיי־נער... און מיר דאַרפן ניט קיין רבנות! די שטאָט איז ניט פאַר אונז... ווען איך קום אַהין אף ימים־נוראים, אָדער אף יום־טובים איז : כסדר — האַלט צו דעם נאָז ! ניין, דאָ וועסטו זיין, מיין רב און איכ׳ל זיין דיין רבי׳צין און דו׳סט פּסק׳ענען שאלות פאַר מיר, מיטן טאַטן, מיטן מילנער, מיטן קרעטשמער און א סוף, גענוג ! נאַטע גענוג ! און דו וועסט בא מיר זיין רויט און גע־זונט ! און אייביקע קעסט וועסטו באַם טאַטן עסן, בין סיי־ווי־סיי זיין בת־יחידה. און ספרים וועסטו זיך קויפן און וואָס איך קען פאַרשטיין מיט מיין ווייבערשן שכל וועסטו מיר דערציילן... און דו וועסט בא מיר ווערן שטאַרק ווי א דעמב און פיין ווי א סאָסנע..

רחמיאל

(לאַכט) און ווייס ווי אַ בעריאָזע...

חיה שרה

יע, יע, ווייס, אָבער ניט בלייך ווי אַ שטאָטיקער איד. ווייס און רויט...

רחמיאל

(ווידער אין שפּאַס) דאָ האָב איך אַף איין בוים געזען אזעל־כע עפּל...

חיה שרה

יע, יע! און זיי זענען טאקע זאפטיק אויך און ניט צעקראַ־כענע, ניט פאר מענטשן אָן ציינער... מען דאַרף קענען בייסן כדי זיי צו פארזוכן, און קריגן דאַרף מען זיי קענען, אויב מען וויל ניט ווארטן ביז זיי פאלן אליין אראָפּ... (לאַכט) אָט אזוי איז דאָס, חכם מיינער! און דאָס וועסטו בא מיר ווערן. נישקשה, מען קען זיין פרום און געלערנט און דערביי זיין הויך און שיין און רויט! אין שטאָט אפשר ניט — דאָ קען מען. קוק אַף פּיוּוקען אונזערן...

רחמיאל

נו, און דו?

חיה שרה

איך וועל זיך לאָזן לערנען... מיינסט, ווייבער האָבן קיין מוחות ניט? מיינסט, מיר ווילן ניט וויסן וואָס אין דער וועלט טוט זיך? אין שטאָט, זאָגט מען, זענען שוין היינט דאָ אַ סך ווייבער־קענערקעס, און ווער רעדט מיידלאַך. איך וועל...

רחמיאל

מען קומט... דער טאַטע קומט!

## פינפטע דערשיינונג.

מיכאל

(מיט כעס, אביסל איינגעהאלטן) א מכה! א גרויסע מכה מיט א שיינעם ווערך, דיר! געטראָפן וועמען צו האלטן צום נארן!

חיה שרה

אף וועמען בייזערסטו זיך, טאטע?

מיכאל

אף וועמען זאָל איך זיך בייזערן? א חכם פון שטאָט וויל מאכן חוזק פון מיכאל דעם ישובניק. ניט געטראָפן דעם אָרט, ברו־דערקע!

חיה שרה

טאָ צו וואָס איז דאָ דער כעס? נויטן קען ער דיר דאָך ניט. וואָלט געגאנגען, וואָלט געגאנגען — גייט ניט, איז רעכט אז ניט; איז יאכנע ניט קיין כלה!

מיכאל

דו פארשטייסט ניט, מיין קינד, וועל צוריקקומען, וועל איך דיר דאָס אַלץ דערציילן...

חיה שרה

ווארום דו פאָרסט אוועק?

מיכאל

האָב געהייסן איינשפאנען די פערד. דער עסק איז גאָר, פאר־שטייסטו מיך, א חשוב'ער. פיל וועגן דעם צו ריידן... אָבער מיר וועט יונה משה־לייזערס ניט...

חיה שרה

אָ ! דאָס האָט זיך דאָס ז י י ן פארזעעניש צו מיר אמאָל גע'שדכנ'ט, ניין ?

מיכאל

אום־הום ! ער מיינט, אז ער האָט די מטבעה איז... א שטייגער די וועלט זיינע, די גאנצע וועלט !

חיה שרה

און בא דיר איז דעמאָלט דער שידוך במעט געווען א גלייכע זאך ?

מיכאל

האָב דיר פונדעסטוועגן ניט געגוויט...

חיה שרה

מיר נויטן איז ניט לייכט. ניט ד ע ר סאָרט, טאטע ! אָט קומט די באָבע !

## זעקסטע דערשיינונג

באָבע רויזע

מיכאל! וואו ביסטו, מיכעלע? הא?

מיכאל

ווארום דו זעסט מיך ניט? אָט בין איך דאָך, פאר דיינע אויגן.

באָבע רויזע

ווארט, איכ'ל אויסווישן די שפּאַקולן.

מיכאל

קומסט פון קרעטשמע?

באָבע רויזע

ווער? איך? הא? יע.

מיכאל

נו, זעץ זיך, מאמע! אָט־דאָ זעץ זיך. (זי זעצט זיך און פּאַ־דעט ארום אירע שפּאַקולן).

באָבע רויזע

אָ... הער, מיכעלע!

מיכאל

נו—ו?

באָבע רויזע

וואָס שפּאנט מען עפּעס די פערד? דו פאָרסט דען שוין ווי־דער אוועק? הא?

מיכאל

יע, איך פאָר. ס'אידאָ א מסחר, קען דערבײַ שוין פארדינען. זאָל איך דיר וואָס ברייננען פון שטאָט?

באָבע רויזע

ווער ? דו ? ברייננגען פאר מיר ? נאָכשאָל זאָלסטו'ס טאָן ?

מיכאל

ווי הייסט נאָכשאָל ? מחמת דו דאַרפסט...

באָבע רויזע

ווער ? איך ? דארף ? וואָס קען איך דארפן ? נאָרנישט דארף איך... סיידן... יע, אויב דו וועסט ניט פארגעסן, ברייננ מיט עטלאָכע שפּיזלען, האָב איינע פארלאָרן, לאָזן זיך זיין א פּאָר איבעריקע אין שטוב, אפשר א נייעם פינגערוט... ניין, לאָז זיין... קען סיי־ווי־סיי שוין ניט נייען. אויגן אלץ שוואכער און שוואכער... און די איבעריקע קליידער ליגן שוין לאַנג אויפגענייטע.

מיכאל

איבעריקע קליידער ! פון וואָס זי רעדט ? דו האָסט נאָך צייט... ביז לאחר מאה שנים — ווי מען זאָגט. און קנאפּ אר־בעטסטו ?

באָבע רויזע

ארבעט ? ווער ? איך ? הא ? עך־מיר ארבעט ! איך זיץ אמאָל באָם רעדל. דאָס רופסטו אויך אָן ארבעט ? אף שונאי־ציון געזאָגט געוואָרן... אָבער הער, מיכאל ! איך קום פון קרעטש־מע...

מיכאל

וואַרט א רגע, מאמע ! הער, חיה־שרה'לע, גיי, זע צי איך האָב אלץ וואָס איך דארף אפן וועג. גרייט מיר אָן די זייבע... ווי רופט מען דאָס רחמיאל ?

רחמיאל

צידה לדרך, מיינט איר.

מיכאל

יע, יע ! נו, דו ווייסט דאָך שוין וואָס איך דארף. א לעבעלע ברויט, א שטיקל קאטשקע, עטלאָכע עפּל, א תפילת הדרך'ל און מיין

טלית־זאַק מיט די תפילין. גיי טאַקע דו מיט איר, רחמיאל, זע זי זאָל קיין זאַך ניט פארגעסן.

חיה שרה

(טוט אַף אים אַ קוק — עפּעס ווי איינער זאָגט: „ער מור־לירט, דער טאַטע!„) קום רחמיאל, לאָמיר גיין. (ביידע אָפּ).

מיכאל

(צו דער אַלטער) מאַמע, וואָס האָסטו געוואָלט דערציילן?

באַבע רויזע

ווער? איך? האַ? עפּעס האָב איך טאַקע געוואָלט דיר זאָגן. וואַרט! איך'ל זיך דערמאָנען.

מיכאל

דו האָסט עפּעס געהערט אין קרעטשמע.

באַבע רויזע

יע... אין קרעטשמע... האַ? וואַרט! יע! יע! האָט מען דאָרטן גערעדט מכוח דעם האָאָריקן נאַבאָר. האָט יונה משה לייזערס געשוואָרן מיט טויטע שבועות, אַז דאָס וועט דיר קאָסטן טייער... קיין בעל הבית ארום און ארום — אַזוי זאָגט יונה משה־לייזערס — קען ניט קויפן קיין... ווי רופט איר דאָס... קיין אכוואַטניק*) חוץ דיר און קהל פעלט נאָך דריטהאַלבן נפשות... און זיי, די קהל'ס־לייט — זאָגט יונה משה־לייזערס — וועלן מיט דיר לערנען בלק...

מיכאל

מאַמע! דאָס אַלץ איז ניט ווערט אַן אויסגעבלאָזענע איי... מיר הערן זיי אין טראַק. זיי וועלן פון מיר קיין געלט מיט סטראַשונקעס ניט ארויסרייסן. זיי קענען אַזוי נעמען רחמיאל'ן ווי זיי קענען נעמען טישקעוויטשעס באַלוואַנעס.**)

---

*) פריוווּוויליקן (סאָלדאַטן).

**) אַ פּאָר גרויסע אומגעלומפּערטע סטאַטועז איינגעמויערט אינם פראָנט פונם גראַף טישקעוויטשעס הויז אין ווילנע.

באָבע רויזע

ווער 'זיינען זיי ?

מיכאל

דיין דאגה. איך ווייס אויך ניט. עפּעס ערגעץ וואו אין וויל־נע געפינען זיך אַזעלכע. ניט אונזער עסק. רחמיאל'ן וועלן זיי נ י ט נעמען. די שלאַק וועט זיי גיכער נעמען. די כאָלעריע וועט זיי גיכער נעמען... מיכאל דעם ישובניק סטראשעט מען ניט. איך פאָר אוועק. זיי וועלן ביז נאָכן פּריאָם אפילו גאָרניט וויסן וואו איך בין... איצט הער, מאמע. הער ! דו הערסט דאָך, ניין?

באָבע רויזע

ווער ? איך ? אודאי הער איך. נאָכשאַל זאָל איך ניט הערן ? מיין ראיה מטושטש, אָבער הערן — הלואי ווייטער !

מיכאל

טו הער־זשע ! די קינדער טאָרן ניט וויסן צוליב וואָס איך פאָר אוועק. קיינער טאָרניט וויסן. דאָס קען מיר קאָסטן פינף־הונדערט קאָרבן מזומנים. איך האָב ניט קיין זין. דאָס איז גזל־אָוואַיי ! דאָס איז קוילען אָן א חלף, מאמע ! און איך זאָג דיר, זיי סמייען ניט אים צו נעמען. זיי סמייען ניט, א ניכפּה זאָל זיי פארצאַפּלען ! אָבער דו שווייג. בא די קינדער וועט רעכט זיין די לעצטע פּרוטה אוועקצוגעבן אבי זיי זאָלן קיין ביסעלע שברי־לב ניט האָבן. דערפאר, מאמע, שטיל ווי א קאַטינקע. ניט גערעדט!

באָבע רויזע

נאָכשאַל זאָל איך ריידן ? איי, דער נאָבאָר ? אף דעם ווייגט מען דאָך שוין צו די ערשטע סליחות... וואָס קען איך שוין אויפטאָן מיט מיין ריידן ? איך שווייג... ער, הענט ניט געוואשן, איז גערעכט, און זיין משפט איז גערעכט. איי וואָס ? יונה משה לייזערס ? האָסטו דאָך מיט אים אליין גערעדט... צי ער קען, צי ער קען ניט, ווייסטו אודאי בעסער.

מיכאל.

אָט אזוי רייד! זיי וועלן בא מיר בלייבן מיט א נאָז. איך לאָז זיך ניט איינשרעקן. טו געדיינק־זשע. זיי קומען צוריק... איך פארלאָז זיך אף דיר.

## זיבעטע דערשיינונג

חיה שרה

אלץ פארטיק. אין וואגן איז דא אלץ וואס דו קענסט באדארפן. פאר און מאך גוטע מסחרים.

באבע רויזע

אי, טאטע גרויסער ! (זי ברעכט אוים אין א שטילן געוויין).

חיה שרה

(טוט א קוק אפן פאטער) באבינקע, וואס איז דיר ? וואס איז דאס מיטאמאל, טאטע ? זי וויינט דאך קיינמאל ניט ווען דו פארסט אוועק.

באבע רויזע

(שלוכצענדיק) דער נאבאר ! די אידישע... די אידישע עופ'עלאך...

מיכאל

אין נאבאר־צייט דערמאנט זי זיך אן אמאליקע צייטן בעת מען פלעגט נעמען עופ'עלאך קליינינקע, ציטעריקע...

באבע רויזע

פייגעלאך פון נעסט ארוים... בגנבה פלעגט מען איי נעמען, מיט געוואלט, מיט... מיט... מיט — אי, ווי איז מיר ! (זי וויינט זיך ווידער שטארק פאנאנדער).

חיה שרה

ניטע, באבינקע ! וויין ניט ! גענוג. (קורצע פויזע, די אלטער ווערט אביסל רואיקער).

מיכאל

הער, רחמיאל! האָסט דאָך עפּעס געוואָלט מיר דערציילן וואָס אין דעם מגיד דיינעם איז געשטאַנען! אדרבה, דערצייל!

רחמיאל

שטייט דאָרטן א סך זאכן. אַט, למשל, דרוקט זיך דאָרטן א ידיעה פון ענגלאַנד... דאָס איז א גרויסע מלוכה וואָס האָט א ממשלה איבערן ים און איבער דער יבשה... איז דאָרטן א איד גע־וואָרן א שופט, א סודיא אין פּאַלאַטע!

מיכאל

גיי, גיי — דאָס קען ניט זיין!

רחמיאל

זיי וועלן קיין ליגן ניט דרוקן. ס'איז אפילו דאָ דער נאָמען זיינער: דזשעסעל הייסט ער און דאָס איז טאַקע דער ערשטער איד וואָס האָט זוכה געווען צו האָבן אזא גדולה...

מיכאל

האָט ער זיך מסתמא גע'שמד'ט!

רחמיאל

דוקא ניט! געבליבן א איד מיט אַלעמען צוגלייך. אי דער נאָמען? איז דאָס ניט קיין נאָווינע! א סך אידישע נעמען זע־נען גענומען געוואָרן פון אומות העולם, נאָך אין די אַלטע צייטן, און די חכמים פון תלמוד אליין האָבן געהאַט גויעשע נעמען. ר' טרפון, כאַפּט אייך אָן...

מיכאל

נו, און וואָס נאָך שטייט דאָרטן?

רחמיאל

א מאַלע וואָס? פרעגט, וואָס ניט? אַט, למשל, ווערט דאָרטן געמאָלדן, אז דער קיניג פון איטאַליע פאָרט איבער עסט־רייך קיין בערלין. בערלין, דאָס איז אפן טייטשעשן בוידעם... פון דאָרטן נעמען זיך בא אונז די בערלינטשיקעס, די היינטיקע. נאָר דאָס איז ניט אהין, ניט אהער. שרייבט מען, אז אהין פאָרט דער קעניג פון איטאַליע, כדי זיך צו זען מיטן טייטשען קיסר, איז דער

קיסר אָבער גראָד אַליין איצט אין עסטרייך, אין די בעדער, טרעפט מען זיך מיט אים דאָרטן און ביידע פאָרן זיי צוזאמען קיין בערלין, וואו מען פראווועט פאַרן מלך פון איטאַליע א גרויסן קבלת־פּנים. משמעות, וועט דאָרטן, אין בערלין, פאַרשטייט איר, געשלאָסן ווערן א בונד צווישן די אַלע דריי מלוכות, כדי אַז, ווי דער פסוק זאָגט, פּן תקראנה מלחמה, זאָלן זיי דריי מאַכן יד אחת אנטקעגן דעם שונא.

מיכאל

און דאס אַלץ וויים עס אָט־די.... ווי רופסטו עס... די ציימונג דיינע ? א ציקאווע זאך ! און ווי ? שרייבן זיי עס טאקע אף לשון קודש ?

רחמיאל

אוודאי אף לשון קודש ! — א ! די באָבע איז איינגעשלאָפן!

מיכאל

נו, מסתמא פאַרשטייען עס טאקע אידן, אז מען דערלאַנגט זיי אזא מין פאפיר, ווי איינער זאָגט : אָט לייען און וויים, וואָס עס טוט זיך בא די קייזאָרים מיט די קייזערינעס, מיט די אידן אין די סודיעבני פאַלאַטעס! און וואָס ניט! א קלוגע וועלט גע־וואָרן : א בעלנות, פון דעסטוועגן, דאָס צו רופן א מגיד ! אמאָל פלעגט א מגיד זיין א זאָגער !

סטעפּאַנקע

(פון יענער זייט פענסטער) כאַזאַאין![25] קיענסט פאָרן ! אַלץ פארטיק, פיערד איינגעשפאַנט.

מיכאל

נו, גייען מיר ! (הויבט זיך אויף און זעצט זיך צוריק אוועק אף א מינוט) אז דער אויבערשטער וועט געבן וועלן מיר מאַכן גו־טע געשעפטן. אפן נייעם יאָר. זייט מיר אַלע געזונט.

רחמיאל

פאָרט געזונטערהייט, שווער!

---

25) באַלעבאָס.

מיכאל

און טאָמער דערגייי איך אַזש קיין ריגע, ברענג איך מיט שייי־נע גאַסטינצעס,26) אם ירצה השם, פאַר אַלעמען, פאַר אַלעמען!

חיה שרה

ניט נויטיק, קום דו נאָר צוריק געזונטערהייט!

מיכאל

נו, זייט זשע מיר אַלע געזונט — דו, בת־יחיד׳קע מיינע, און איר אַלע! רחמיאל, דער מגיד דיינער, אַ ציקאַווע זאַך! (אָפּ).

באָבע רויזע

(כאַפּט זיך אויף אינם טומל) אַוועק מיכאל?

חיה שרה

ער זעצט זיך אַפּן וואָגן, באָבע. זאָל איך אים אַריינרופן? (באָבע רויזע שאָקלט מיטן קאָפּ: ניין). אָט פאָרט ער אַרויס...

חיה שרה

(רוקט זיך צו נאָך נענטער צום מאַן) הער, רחמיאל, מיר האָבן פריער געערדט אַרום אונזער לעבן, אונזער ביידענס לעבן... איך זאָג דיר, אַ ווייב קען אויך זיין אַ מענטש... דו קענסט מיר מאַכן פאַר אַ קענערקע און איך וועל דיר מאַכן פאַר אַ גבר, פאַר אַ געזונטן, פרישן, שטאַרקן מאַן. און די רבנות דאַרף מען ניט... איך וויל ניט׳זיין קיין רב׳עצין... און דו דאַרפסט ניט זיין קיין צוקראַ־כענער רב׳על... און לעבן מיר וועסטו זיצן... אַזוי לאַנג ווי מיר ביידע זענען צוויי... לעבן מיר דורך די לאַנגע ווינטער אָוונטן,נאָך אַ גוטן שפּאַציר אַף אַ שליטל. און איך וועל אויסטאָן די פּאַטשייל־קע פונעם קאָפּ און וועל פאַנאַנדערוואַרפן מיינע שוואַרצע, לאַנגע האָר און דו וועסט האָבן פולע הויפּענס צו שפּילן זיך... און לערנען וועסטו מיט מיר און און איך וועל דיר צאָלן מיט אַ פולער האַנט... איך וועל דיר אויפּפּאַסן, זיסינקער. גוט וועט אונז זיין!

רחמיאל

נו, און ווען עס וועט קומען דער נאַבאָר (באָבע רויזע לייגט

---

26) מתנות.

צו די האנט צום אויער) און ווילדע חיות ועלן קומען און פאַרצוקן אידישע נפשות ארום אונז... און מען וועט נעמען קינדער פון טאַ־טעס, טאטעס פון קינדער... און הערצער פון אידישע מאמעס וועלן ארום אונז געבראָכן ווערן איינע נאָך די אנדערע... וואָס וועלן מיר ביידע טאָן ? זאָג, חיה'לע !

חיה שרה

איך וויים ניט, אָבער רייד, רייד ! נאָך — נאָך !

רחמיאל

דו פארשטייסט, מיין ווייבעלע, וואָס א נאבאר באטייט בא אידן ? דו...

באָבע רויזע

(פלאצט אוים מיט א שרעקלאכן געוויין).

פ אָ ר ה אַ נ ג

# צווייטער אקט

די פּאָרהויז אין מיכאל גריצ'ס הויז. פון ביידע זייטן זעט זיך אַ טייל פונם דאָרף: אין הינטערגרונט לינקס אַ ווינט־מיל, רעכטס אַ קוזנע; טיפער אַ קרעטשמע.—ערגעץ־וואו הינטערן הויז הערט זיך פון צייט צו צייט אַ הונט וואָס בילט, שטייענדיק אפן קייט און אנדערע הינט וואָס רופן זיך אָפּ. — אין מיטן סצענע זיצט באָבע רויזע באַ אַ רעדל און שפינט, בעת־מעשה זינגענדיק מיט טרערן אין קול אַזוי ווי פאר זיך. — עס איז ארום פיר אזייגער נאָך האַלבן טאָג.

## ערשטע דערשיינונג

**באָבע רויזע**

(זינגט:)

„איידער צו טראָגן יאָוואַנקע'ס צלם
„בעסער צו זאָגן אַ — אדון עולם!
„איידער צו טראָגן יאָוואַנקע'ס קליידער,
„בעסער צו לערנען באַם רבין אין חדר!"
אָי, אַ חורבן, אַ פינצטערער!

(טוט אַ זיפץ און אַ דריי מיטן רעדל. עס רייסט זיך איבער דער פלאַקס־פאָדים, וואָס זי ציט מיט די פינגער).

אָי, ווייַ איז מיר! אודאי אַ בייזער סימן; אָי, אָפּ שלעכטס, לויטער אָפּ שלעכטס ווייזט דאָך אַלץ אין אַזעלכע צייטן!

(מאַכט צורעכט דעם פּאָדים און זינגט ווייטער):
„איידער צו עסן יאָוואַנקע'ס קאַשע,
„בעסער צו לערנען חומש מיט רש"י!"

אָי, וויי איז מיר!

(זיפצט זיך אָפּ און זינגט):
„איידער צו טראָגן יאָוואַנקע'ס היטל,
„בעסער צו זאָגן תהלים א קאַפּיטל".

(טוט נאָך אַ האַסטיקן דריי מיטן רעדל; אין מיר לינקס באַוויזט זיך פּייוועקע).

פּייווקע

גאָט העלף, באָבע!

באָבע רייזע

(שאָקלט צו איר ענטפער און זינגט ווייטער):
„איידער צו טראָגן יאָוואַנקע'ס שווערד,
„בעסער צו ליגן צען קלאַפטער אין דר'ערד!"

(טוט ווידער אַ זיפץ).

אָ, וויי איז צו מיינע יאָרן!

פּייווקע

הערט, באָבע רייזע, מען זאָגט, איר געדענקט נאָך דעם ערשטן נאַבאָר... *)

באָבע רייזע

וואָ—אָס?

פּייווקע

אז איר געדיינקט, ווי מ'עט אָנגעהויבן נעמען אידישע זעלנער.

באָבע רייזע

ווער? איך? הא? יע. אָ, וויי איז צו מיר! נאָכשאַל זאָל איך פאַרגעסן?

*) דער ערשטער פּריזיוו אין יאָר 1827.

פּייוּוקע

ווי אַלט, אַ שטייגער, זייט איר דעמאָלט געווען?

באָבע רויזע

(הערט ניט, האָט דערווייל גענומען שפּינען, אָבער לאַנגזאַם).

פּייוּוקע

באָבע!

באָבע רויזע

נו—ו!

פּייוּוקע

ווי אַלט, מעלט אייך, זייט איר געווען באַם ערשטן נאַבאָר

באָבע רויזע

ווער? איך? האַ? פרעג מיך אַ גרינגערע זאַך.

(פאַרטראַכט זיך, דאַן זינגט זי מיט אַ האַלבן מויל):

„איידער צו טראָגן יאַוואַנקע'ס שווערד,

„בעסער צו ליגן צען קלאַפטער אין דר'ערד!"

אַי, אַי, אַי!

פּייוּוקע

ווייסט איר, באָבע? אַט יונה דער בעקער.... ער מאַלט ווייץ באַם טאַטן... אַנוסטן זאָגט ער אונז, אַז פון פּעטערבאָרג קומט אין גיכן אַראָפּ אַן אוקאַז, אַז מ'זאָל מער ניט כאַפּן קיין רעקרוטן.

באָבע רויזע

טאַטע גרויסער! פון זיין... פון יונה'ס מויל אין דיינע אויערן אַריין!

פּייוּוקע

באָבע רויזע! איר פאַרשטייט ניט... מ'וועט קיין רעקרוטן ניט כאַפּן מער, אָבער איטלאַכער וועט מוזן גיין אין סלוזשבע אַריין.

באָבע רויזע

ווי הייסט איטלאַכער? רחמיאל'ינקע, חס ושלום, אויך?

פייווקע

איטלאכער איבער צוואַנציק. רחמיאל ניט, קלער איך. אים...

באָבע רויזע

פייווקע

יע, יע! אודאי... אים ניט, מחמת....

מחמת ער.... ער קאָן פאַרן אוקאַז נאָך זיין אַ זעלנער.

באָבע רויזע

אַ פּיפּעץ דיר אַפן צונג, דו שייגעץ איינער!

פייווקע

(ווי ניט אים מיינט מען).

הערט, באָבע!

באָבע רויזע

כ'הער, נו?

פייווקע

ווייסט איר, וועמען ז'האָבן געדאַרפט אָפּגעבן?

באָבע רויזע

וואָס דולסטו מיר אַ מח?

פייווקע

זיי האָבן געדאַרפט אָפּגעבן חיה־שרה'לען!

באָבע רויזע

חיה־שרה'לען? פאַר וואָס? פאַר אַזעלנער־ ביסט משוגע, שכור, צי חסר־דעה! ווי הייסט... חיה־שרה'לען?

פייווקע

מער מאַנסביל פאַר רחמיאל'ן... באָבע! חיה־שרה'לע איז אייך אַ בריה אַ ווייבל, אַ כוואַטסקע נקבה, פייער און פלאַם איז זי אייך! אָ, באָבע! וואָס ווייסט איר ווער זי איז! פרעגט אייך בחרם. חיה־שרה'לע — דאָס קען אייך קלעטערן, באָבע, קלעטערן ווי אַ קאַץ און שפּרינגען ווי אַ... ווי אַ קראַליק...

באָבע רויזע

להבדיל זאָג, להבדיל, לויז מויל, דו!

פייווקע

און, באָבע! חיה־שרה'לע קען אייך טרייבן אַ טראַיקע פון די בעסטע פּאַטשט פערד, קען זיך שטעלן אַנטקעגן דעם אַסעסאָר מיט אַלע דעסיאַטניקעס. און באָבע!

באָבע רויזע

כ'הער, וואָס מינטערסטו מיך!

פייווקע

טו הערט־זשע! דעם דינסטיק פאַר איר חתונה איז זי אייך ארויפגעקלעטערט אַף דעם דעמב, וואָס בא דער קרעטשמע... איך בין געשטאַנען אונטן, באָבע... איך בין, דאַכט זיך, ניט קיין טרוס, אָבער דער צווייג האָט עפּעס אַזוי ווי אַ קרעכץ געטאָן, האָט זיך מיר געדאַכט, אָט־אָט צעברעכט ער זיך און זי פאַלט, חלילה, אַראָפּ...

באָבע רויזע

געגנוג דיר מאָלן, לויז מויל! איך האָב פון דיר שוין אַ לאָך אין קאָפּ...

פייווקע

האָב געמיינט, הייסט עס, אָט־אָט פאַלט זי... און מיר איז די האַרץ איינגעפאַלן פאַר שרעק... און, באָבע, הערט, ווי איך בין אַ איד...

באָבע רויזע

שווער זיך ניט, דו פּיפּערנאָטער דו, הערסט?

פייווקע

באָבע, ווי איך בין אַ איד, האָב אויסגעשטעלט די הענט איר אונטערצוכאַפּן, טאָמער פאַלט זי, חלילה... ....

באָבע רויזע

אונטערכאַפּן? מיט די הענט? ווער? דו? האָ? טפו, ניט געדאַכט זאָל דאָס ווערן!

פייווקע

כ'וויים, פּטור־נו, כ'וויים! צו שווער... וואָלט מסתמא גע־פאַלן מיט איר אינאיינעם, אָבער אַליין, קלער איך, אָט צעברעכט

מען זיך אַ פּוס באַ אַזאַ מין פאַל... וואָלט דאָס אפשר ניט גע־
וועזן אירעגער.... נאָר קלעטערן! ניטאָ קיין צו הויך פאַר חיה־
שרה'לען! (פּויזע. ער כאַפּט אָפּ דעם אָטעם). הערט, באָבע!

באָבע רויזע

שוין ווידער! פּגע־רע, ווערסט מיר אויפהערן צו באָבענען!

פייוועקע

הער, באָבע! איז דאָס אמת, וואָס מען זאָגט?

באָבע רויזע

וואָס, קלעק?

פייוועקע

איז דאָס אמת, אַז ווען הינט נעמען סקאַוואָטשען, קומט
דער מלאך־המות אָן?

באָבע רויזע

(אין אַ ווייכערן טאָן) אמת, פייוועקע, אמת! רחמיאל האָט'ס
נעכטן געזאָגט...

פייוועקע

און ווי זינגט איר, באָבע?

(ער פּרובירט איר נאָכמאַכן, פאַרהיקעט זיך).

ווי זאָגט איר, באָבע? „בע־ע־סער צו ליגן“...

באָבע רויזע

(פאַרכליפּעט זיך און זינגט כמעט וויינענדיק):

„איידער צו טראָגן יאָוואַנקע'ס שווערד,

„בע־סער צו ליגן צען קלאַפטער אין דר'ערד!“

א סך, אַ סך גלייבער, טאַטע בארמהארציקער... איידער די כאַ־
פּערס...

# צוגעזאָגטע דערשײַנונג

(אומבאַמערקט פֿון זיי קומט אַריין ר ח מ י א ל. זיך ווישנדיק די הענט מיט אַ פֿאַטשיילקע און עפּעס מאַכנדיק מיט די ליפּן).

פּייווקע

גלייכער דער מלאך־המוות?

רחמיאל

(קומט נענטער) וואָרום ווי האָט דוד המלך געזאָגט צו גד דעם נביא, פּייווקע? נפּלה נא — מאכט ער — לאָמיר אַריינפֿאַלן ביד אדשם — אין זיינע הענט, כביכול — וביד אדם אל אפּולה — אָבער אין מענטשנ'ס הענט ענטפֿער מיר ניט איבער... האָסט שוין געדאַוונט מנחה, פּייוועלע?

פּייווקע

(רעדט פֿאַר זיך איבער מיט געפֿיל, כמעט אין דעמזעלביקן טאָן, ווי רחמיאל):

וביד אדם אל אפּולה! אָבער אין מענטשנ'ס הענט ענטפֿער מיר ניט איבער... מנחה? וואָס איז די איילעניש?

רחמיאל

שוין לאַנג זינט דו ביזט בר־מצוה געוואָרן?

פּייווקע

שוין באַלד דריי יאָר, ניין? צו וואָס פֿרעגט איר דאָס?

רחמיאל

אייך, יונגוואַרג, איז גוט. אָי, איז אייך גוט! דער נאַבאָר שרעקט אייך ניט, דער שד נעמט אייך ניט; דעם עול־תורה פֿילט איר ניט. קיין עול־מלכות האָט איר ניט. אָט זעסטו, פּייווקע?

לאַנג ביזטו שוין בר־מצוה געוואָרן. דער יאָך פון אידישקייט איז אַף דיינע פּלייצעס, דער טאַטע האָט אַ ברוך שפּטרני גע־מאַכט צו זיין הייליקן נאָמען... דו זינדיגסט איצט, ברודערקע, שוין אַף דיין אייגענעם חשבון און פונדעסטוועגן איז נאָך בא דיר דערוויייל אַלץ ווי געווען: דו פּילסט ניט דעם יאָך, דו שטיפסט, דו לויפסט, דו לאַכסט אַפן קול... דיך אַרט דעם טאַטנס פּראַצע ניט מער, וויפיל אים אַרט די אַרבעט פון זיינע מילשטיינער, וואָס גייען כסדר... גייען און טרעטן און מאָלן... אָט דרייט עס זיך, און עס מאָלט זיך, עס זיפּט זיך, עס שיט זיך, און מעל ווערט.... און ברויט ווערט... הייסע בולקעלאָך, און יונגוואַרג עסט, יונגוואַרג שטאָפּט זיך... קיין ווייב האָט דאָס ניט, קיין זאָרג האָט דאָס ניט.

פייוועקע

(זיך אויפכאַפּנדיק ווי פון שלאָף) הערט, רחמיאל! אַז חיה־שרה'לע לאָזט אין אייך אַריין אירע גרויסע אויגן... אירע גרויסע שוואַרצע אויגן, נעמט אייך, אַ שטייגער, ניט אָן אַן אימה?

רחמיאל

(קוקט אים אָן פאַרוואונדערט) קיין אַנדערע רעיונות האָסטו משמעות גאָר ניט, דו שנעקוץ דו!

פייוועקע

הערט, רחמיאל, איך בין ניט קיין טרוס, ניט איך! הלואי בין איך אין אייערע יאָרן און ס'קומען די כאַפּערס... איר וואָלט געזען.... כ'וואָלט זיך אסור באַהאַלטן. מאַלע וואָס סטעפּאַנקע דערציילט, אַלץ געווען אַמאָל. אוים שפּיצרוטענעס, זאָגט דער טאַטע; מ'שמייסט שוין ניט מער. ניטאָ אַמאָליקע צייטן. האָב גלאַט קיין מורא ניט...

רחמיאל

אַזוי, מיין כוואַט! און עסן פון קעסל! און די קאַזאַרמע מיטן ריח פון מאַכאָרקע, מיטן לעבן צווישן שונאי־ישראל... מיט שטורכעס אין זייט, מיט זשיד פאַרך אַ גאַנצן ליבן טאָג אין די

אויערן... און דריי פּעיאים שכירות, און אַלע ווײַלע אַ מלחמה מיטן טערק, און זיך דערדינגען, ווי זאָגט סטעפּאַנקע? דעם הויכן טשין סוקין סין...27) ווייל דו ביזט ניט מער ווי אַ איד, פאַר־שטייסטו? איר, יונגע לצים, רעדט... „האָב גלאַט קיין מורא ניט!"

פּייווקע

ניין, קיין מורא ניט, רחמיאל; פאַר קיין זאַך ניט. אָבער פאַר חיה־שרה'ס קוק ווער איך אַמאָל אַ צעציטערטער. און, דאַכט זיך, וואָס?

רחמיאל

דאַכט זיך, נאַז! חולם־נאַז, זאָג איך דיר! גיי שנעקויץ, דאַוונען מנחה. חיה־שרה איז איצט שוין אַ ווייבל און דברים אחרים מיט דיר צוזאַמען האָט זי פריער אויך ניט געפּיטערט.

פּייווקע

(אַזוי ווי ער וואָלט גאָרניט אונטערבראָכן געוואָרן) דאַכט זיך גאָרנישט, האַ? אָבער אין אירע אויגן... אין אירע אויגן, רחמיאל, אין אירע שוואַרצע אויגן. פאַרשטייט איר, אַז... איר ווייסט דאָך מסתמא וואָס איך מיין...

רחמיאל

דו רעדסט פון היץ.

פּייווקע

זי קוקט אייך, אַ שטייגער אַז, און אייך ווערט עפּעס וואַרעם אין בוזים... הערט, רחמיאל! בעת איך בין נאָך געווען גאָר אַ ברעקל אינגל, אין ברייטע מייטקעס, און זי איז נאָך געווען אַ מיידל אַ יאָר פופצן, און מיר האָבן געלערנט באַם מלמד, וואָס מ'האָט געהאַלטן פאַר איר... און מיר פלעגן פאַרנאַכט זיך אַ לאָז טאָן ביידע אין וואַלד אַריין, ס'פלעגט פינסטער ווערן... און זי פלעגט מיר אַזוי אָננעמען פאַרן האַנט (ער טוט עם צו רחמיאלן און רחמיאל טוט אַ שפרונג פון אָרט) אײַ, רחמיאל!

---

27) הינטישער זון.

רחמיאל

באָבע רויזע, וואָס וויל ער פון מיר, דעם מילנערם קדיש?

באָבע רויזע

(זי כאַפּט זיך אויף פון שלאָף) ווער? ער? האַ? אַדרבה פרעג אים.

פייווקע

הערט, רחמיאל, אייך איז גאָרנישט. אַז זי נעמט אייך אַן פאַרן האַנט? האַ? און, רחמיאל, און אַ שטייגער זיי, די כאַפּערס, קומען נאָך אייך, און זיי נעמען אייך און טוען אייך אַן סאָל־דאַטסקע קליידער...

באָבע רויזע

דעם צונג ביים אָפּ די שטיק סאַבלע...

פייווקע

נו, און איר גייט אַוועק, ווייט, ווייט פון איר, אַהין אין מרחקים אַוועק... אין טיף ראָסייע, וואו סטעפּאַנקע איז געווען. וואָס, אַ שטייגער, וואָלט איר טאָן אַן איר, אָן חיה־שרה'לען, האַ?

(פון גאַנץ ווייט דערהערן זיך הינט בילנדיק).

דאָס זענען דערשראָקענע הינט. ס'קומט דער מלאך המות אַן אין דאָרף, ניין, רחמיאל? (פאַר זיך) ער, אָדער וועלפּקע...

רחמיאל

באָבע רויזע, וואָס וויל ער פון מיר? זאָגט, וואָס וויל ער!

(אין טיר באַווייזט זיך סטעפּאַנקע. ער גיט פייווקען אַ וואונק. שנעל לויפט ער צו אים צו, אוןביידע גייען האַסטיק אַרויס).

רחמיאל

אַוועק, באָבע, ער איז אַוועק... נשקשה, פון ווילדקרויט וואַקסט דאָ באַם מיל באַ אייך! (פויזע) באָבע רויזע, האָט איר גע־זען חיה־שרה'לען נאָכן אָנבייסן?

באָבע רויזע

ווער? איך? האַ? יע. סמאַיעט עפּעס אַרום דעם גאַנצן

טאָג. רעדט ניט. עסט ניט. אפשר איז דאָס אמת = אַ קשיא אַף אַ מעשה!

רחמיאל

אמת? וואָס איז אמת?

באָבע רויזע

שרעק זיך ניט, מיין קינד. אין האַלאַזעם... דאָ ניט ווייט. און אומגליק אַביסל! פון דאָס ניי די אָסנאָווע איבערגעריסן!

(זי פּאַדעט אַרום די פּלאַקס אָפן שפּינדל).

רחמיאל

(אומגעדולדיק) וואָס דאָ ניט ווייט, באָבע?

באָבע רויזע

וואָס דאָ ניט ווייט? טאַקע וואָס? יע. דאָ ניט ווייט, אין האַלאַזעם, זאָגט פּייווקע, זוכט מען פון נעכטן אָן אַ בחור. וואָס איז... ווי זאָגן זיי? וואָס איז זאַטשיסלעט 28) אין היינטיקן נאָבאָר... אין די זעקס־אַ־האַלב נפשות, וואָס דער פּאָוויעט דאַרף געבן אונזערער.

רחמיאל

אפשר... אלא וואָס? זי וואָלט מיר געזאָגט? אָ, באָבע קרוין, איז מיר ביטער! חיה־שרה'לע איז פון עטלאַכע טעג גאָר ניט דיזעלביקע... גאָר ניט די בריה מתמול־שלשום. מיר ווערט שרעקלאַך, ווען איך דערזע איר... מיין האַרץ קלאַפּט ווי מיט האַמערס...

(באַ באָבע רויזען שטעלט זיך אָפּ דער רעדל, דער שפּין־פּאָדים פאַלט איר אַרויס פון דער האַנט, און זי ווערט האַלב איינגע־שלאָפן. רחמיאל רעדט איצט מער צו זיך ווי צו איר).

רחמיאל

חיה־שרה'לע טראָגט זיך אַרום מיט אַ סוד, מיט אַ שרעק־לאַכן סוד אין בוזים. עפּעס רעדט זי מיט מיר מיט אַזוי פיל זיס־קייט, מיט אַזאַ מרה־שחורה'דיקע מתיקות, גאָר ניט וועדליק נאָך

---

28) פאַררעכנט.

איר טבע נאָך. זי האַלט מיך נאָך מער ווי פריער פאַר א נע־בעכל, א שוואַך באַשעפעניש... אפשר, ווער ווייס? אפשר קלייבט מען זיך דאָס טאַקע צו מיר? אפשר...

באַבע רויזע

(זינגט, ווי דורכן חלום, מיט אַ פאַרשלאָפענעם, שטילן, שוואַכן קול, מיט האַלבע ווערטער):

„אי... ער... או... טראַ... יאָוואַנ...עס צלם

„בעסער.. או.. אַ... ו..."

(לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, און איינגעשלאָפענע).

רחמיאל

(אין דעמזעלביקן טאָן)

„איידער צו טראָגן יאָוואַנקע'ס שווערד,

„בעסער צו ליגן צען קלאַפטער אין דר'ערד".

## דריטע דערשיינונג

(אין טיר באַוויזט זיך חיה־שרה, הינטער איר פייוועקע מיט אַן ערנסטן פּנים. רחמיאל באַמערקט זיי ניט).

חיה־שרה

געדענק־זשע, פייוועלע, אַזוי גיך ווי דו זעסט זיי אַן ערך פאַר אַ ווערסט פון דאַנען, דערלאַנגסטו אַ סוויסטש איינמאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל. שטיי אָבער נאָר אויבן.

פייוועקע

פאַרשטייט זיך. הויך שטיי איך אויף דעם דאָזיקן דעמב, דו געדענקסט? אויף דעם סאַמע דעמב... נאָך דאָ פיל בלעטער, זיי וועלן מיך פאַרשטעלן.

חיה־שרה

(ווייזט אים אויף רחמיאלן)

רייד ניט אַזוי הויך.

(אַ ביסל נידעריקער) קען זען ווייטער ווי אַ ווערסט. וועל

פייוועקע

זיי דערקענען. און, חיה־שרה׳לע, געדענקסט די וויצקע דו האָסט ל״ג בעומר פאַר מיר אָפּגעשניטן? האָב דערפון אַ פּייפל געמאַכט. לייג זי צו צו די ליפּן... (ער פּאַסמאַקעוועט זיך).

חיה־שרה

גיי, מאַך זיך ניט נאַריש! (ער גייט). רחמיאל! (ער טוט זיך האַסטיק אַ כאַפּ) וואָס ביסטו אַזוי פאַרטראַכט? קום אַהער, זעץ זיך דאָ לעבן מיר, אַפן באַנק... לאָמיר רעדן שטיל: באָבע רויזע האָט איינגעדרעמלט.

רחמיאל

איז דאָ ניט געווען פּייוּוקע ווידער? האָב עפּעס ווי דורכן חלום זיין קול געהערט.

חיה־שרה

יע, האָב אים געשיקט אַ גאַנג. וואָרום וואָס?

רחמיאל

זעסטו, חיה־שרה׳לע? זיי איז בעסער ווי אונז: איר און אים. באָבע רויזען, מיין איך, און פּייוּוקען. צום האָבן דאגות איז זי, זאָל געזונט זיין, שוין צו אַלט, און ער נאָך צו־יונג... ווייסטו? פּייוּוקע... ער דרייט זיך דאָ אַרום דעם גאַנצן טאָג היינט... פּייוּוקע האָט מיר עפּעס געזאָגט, וואָס איך האָב אין פלוג געדאַרפט אַליין וויסן בעסער ווי ער. גערעדט האָט ער וועגן דיינע אויגן און... עפּעס איז דער זאָג זיינער מיר געווען אַ נייער. דו ווייסט, חיה־שרה׳לע אַ גמרא איז דאָ אין תענית, אַז ווען אַ כלה האָט שיינע אויגן דאַרף מען שוין ווייטער ניט קוקן.

חיה־שרה

גיי, גיי, נאַרעלע מיינער, אָבער וואָס מיינסטו מיטן תענית?

רחמיאל

(שמייכלט אונטער) תענית? דאָס איז די מסכת תענית, אַזאַ ספר אין ש״ס, אַ גמרא אַזוינע. נאָר דו האָסט ניט פיל געלערנט.

חיה־שרה

(סטאַרעט זיך אויך צו שמייכלען) אָ, איך קען דאַוונען אין

א סדור ווי א מאַנסביל. (פאַר זיך) טאַטע־פּאָטער, ווי הויבט מען אָן מיט אים צו ריידן? (הויך) פּייווקע'ס טאַטע קען אפילו דאָס אויך ניט. צווישן איך, מאַנסבילן, וואַרפן זיך אויך בורך אַלערליי.

רחמיאל

ווי זאָגט יענער? ווען ניט די ווערמדיקע, וואָלט מען אַרבעס ניט געדאַרפט קלייבן...

חיה־שרה

אודאי! אָבער (מיט אַן אָנשטרענגונג) הער, איך מוז דיר עפּעס זאָגן..

רחמיאל

(דערשראָקן) חיה־שרה'לע! וואָס איז מיט דיר? עפּעס ציטערט היינט דער קול דיינער... וואָס אַזוינס קענסטו מיר האָבן צו זאָגן, אַז דו...

חיה־שרה

גאָרנישט, נאָרנישט! בין עפּעס, ניט פאַר דיר געדאַכט, ניט אין גאַנצן.

רחמיאל

דו זאָגסט, דו מוזט מיר עפּעס זאָגן... דו מוזט. וואָס קען דאָס זיין?

חיה־שרה

אָט טאַקע, אַז דיין גבור'טע איז ניט אין גאַנצן...

רחמיאל

אפשר?...

חיה־שרה

דאַכט זיך, נאָך ניט. באָבע רויזע זאָגט, כל זמן עס גוהיעט ניט און מען ברעכט ניט, איז א סימן...

רחמיאל

אַז, הייסט עס, גאָר ניט... אָבער אין דיין קול הערט זיך אַן אַנדער... ווי זאָל איך דיר זאָגן... ס'קלעפּט זיך בא מיר היינט עפּעס אויך ניט א וואָרט צו א וואָרט. הער, חיה־שרה'לע!

חיה־שרה

(נעמט אים אָן בא דער האַנט) יע, מיין זיסער...

רחמיאל

חיה־שרה׳לע, דו ווייסט, מיר טוט באַנג, וואָס דיין פאָטער איז גראָד איצט אין שטאָט — אַזוי ווייט פון אונז. פאָרט ער דאָס אַלע יאָר אַוועק נאָך ימים־טובים?

חיה־שרה

נ־ניין, אָבער הער....

רחמיאל

טו פאַרוואָס עפּעס האַי־יאָר?

חיה־שרה

איך ווייס ניט. הער וואָס איכ׳ל דיר זאָגן.

רחמיאל

וואַרט א ווייַלינקע, חיה־שרה׳לע. האָט זיך קהל מיט אים ניט געזען פאַרן אַוועקפאָרן זיינעם?

חיה־שרה

קהל? דאַכט זיך, אַז ניט.

רחמיאל

עמיצער איז נאָך... נאָך סכות געווען אין קרעטשמע. א שטאָטיקער בעל־הבית, און דער שווער האָט זיך מיט אים, דאַכט זיך, געזען..

חיה־שרה

קען זיין, אָבער הער... מיר ווילט זיך מיט דיר רעדן... גע־דענקסטו, ווען דו ביסט פאַר־אַ־יאָרן אהער געקומען צו מיר? חתן־וויַיז? דער טאַטע האָט דיך געבראַכט צו מיר, כלומרשט אַזוי גלאַט. האָט געוואוסט אַז מיר גיט מען ניט עפּעס אַבי־וועמען און, א שטייגער, מאַרש צו דער חופּה! ער האָט מורא געהאַט, דו וועסט מיר ניט געפעלן. און אין אָנהויב האָב איך דיך טאַקע ניט געוואָלט. גאָר אין אָנהויב... בעת דו ביסט אַריינגעקומען אין שטוב. מיידלוויַיז האָב איך אַנדערש געקלערט א— גבור האָט מיין חתן געדאַרפט זיין, א מענטש, וואָס קען טראָגן א ביקס

(זי כאַפּט זיך, אַז זי האָט זיך אויסגערעדט אַ נאַרישקייט, גיט זיך אָבער ניט אונטער) און קען שמעקן פּולווער ; אַ חברה־מאַן, וואָס קען קוקן אַ וואָלף גלייך אין די אויגן. און דו ביסט געווען אַזאַ שוואַבינקער, אַ פּוכלינקער, אַן איידעלער (גיט אים אַ פייערדיקן קוש) שלים־מזל'ניקל!... נו, און אָט הויבסטו אָן צו רעדן... (זי גייט מער און מער אריין אין אַן עקסטאַז) און דיין פּנים ווערט עפּעס אַזוי ווי באַלויכטן פון דער ליכטיקער זון... און דיין קול איז אַזוי זיס, און די ווערטער שיטן זיך ווי פּערל פון דיין מויל... קיינמאָל האָב איך אַ מאַנסביל ניט געהערט אַזוי רעדן, אפילו ניט אין שטאָט, ווען איך פלעג אַמאָל קומען צו מומע ציפּען צו געסט. יע, ווי פּערל שיטן זיך די ווערטער דיינע און מיין האַרץ — דאַכט זיך — שטאַרבט אָפּ און איך בין עפּעס אַזוי ווי אין אַ חלום. און.. און (זי נעמט אריין זיין פּנים איןביידע הענט און קושט אים ליידנשאַפטלאַך) און, ווייסט? עפּעס וואַקסטו אויס פאַר מיינע אויגן... ס'איז דאָ אַזאַ פלאַנץ, זאָגט מען, כ'ווייס ניט ווי זי הייסט, וואָס מ'קען במעט זען וואַקסנדיק. אָט ווי זי וואַקסטו אויס אין מיינע אויגן און דו זעסט מיר עפּעס אויס גרויס, שטאַרק, הויך און... און מיר ווילט זיך דיך גלייך צודריקן צום האַרצן. גלייך, גלייך! און יאָרן זענען מיר די חדשים, וואָס פאַרגייען פאַר אונזער חתונה און... דו ווייסט עס ניט. נעכט זיץ איך אָפּ און לייען און לערן. האָב מורא די ישוב'ניצע קען דיר אפשר ניט גע־פעלן...

רחמיאל

נו, מיר זענען דאָך שוין געווען פאַר'קנס'ט!

חיה־שרה

נאַרעלע! וואָס טויג מיר פאַר'קנס'ען, אפילו מקדש זיין, אויב איך געפעל דיר נישט ? מיין טאַטע האָט פאַר זיין געלט אפשר געקענט קריגן אַן איידעם — אַ יחסן, אַ למדן. איך בין ניט מיין טאַטע. איך קויף ניט פאַר געלט. איך נעם אים, וואָס גיט זיך מיר, אָניט שפּרינג איך גיכער אריין אין טייך מיט צען פּוה

בליי אף די פיס... (דער וואנט־זייגער שלאגט 5) הער־צו, מיין זיסער...

רחמיאל

רייד, רייד! דו ווייסט? אזוי האבן מיך בײדע נאך קיינמאל ניט גערעדט.

חיה־שרה

נו, טא הער־זשע...

רחמיאל

ווארט א רגע. אז עס קומט שוין יע צו־דייד, לאמיך דיה אויך עפעס דערציילן; איך ווייס, ס'איז אפשר א נארישקייט.

חיה־שרה

דערצייל, זיסינקער.

רחמיאל

דו ווייסט דאך, אין חומש איז דא א סדרה „חיי שרה“. גייט טאקע איבער אכט־טאג. איז ווען איך בין נאך אונזער תנאים צוריקגעקומען אין שטאט, פלעג איך אלע טאג אין קלויז באם דאווגען, צו שחרית, צו מנחה, ווילנדיק־ניט־ווילנדיק, צוגיין צום אלמער ספרים, פלעג ארויסנעמען א חומש, פלעג מישן פארטראכט א בלאט נאך א בלאט און שטענדיק פלעג איך אויפמישן די סדרה „חיי שרה“ און... לאך ניט! און פלעג מאל פאר מאל אוועקלייגן דעם ספר מיט... מיט א קוש. דאכט זיך וואס? אבער פארט... א נארישקייט, ניין?

חיה־שרה

ווער ווייס! אבער הער...

(אין טיר באווייזט זיך סטעפאנקע. רחמיאל זעט אים ניט. חיה־שרה גיט אים א וואונק ער זאל א ווײלע ווארטן — דרויסן סטעפאנקע ציט זיך צוריק).

חיה־שרה

(צו רחמיאלן) רעדנדיק פונם קלויז... האסט דאך נאך ניט געדאוונט קיין מנחה; גיי אריין אין שטוב... סטעפאנקע האט

מיר געבראַכט פֿון שטאָט איינגעקויפֿטע זאַכן. איידער דו דאַווענסט אָפּ, בין איך פֿאַרטיק מיט אים... מוזן דורכזען וואָס ער האָט מיר געבראַכט.

רחמיאל

געזעכט, גערעכט, אָבער פּטר אים אָפּ וואָס גיכער. (פֿאַר זיך) איין גאָט אין הימל ווייס, וואָס דאָ טוט זיך.

## פערטע דערשיינונג

חיה-שרה

וואו נעמט מען כח מיט אים צו רעדן ווי מען דארף? (קוקט ארוים דורכן פענסטער און רופט שטילערהייט) סטעפאנקע, סטע-פאן! אהער קום!

סטעפאנקע

(רעדט שטיל, ניטשעווא, בארינא![29]) האָבסט נאָך צייט. זיי זענען זשיך נאָך ניט. נאָך אין האָלאָזעם. דיאוואָלי.[30]) וויערנאָ, זאָך דיר, בארינא, יעי באָגו![31])

חיה-שרה

גוט, אויב אָזוי האָבן מיר נאָך (קלערט א ווײַלע) לכל הפחות א שעה אָדערהאַלבן צייט? בא מיר איז אַלץ אָנגעגרייט. פייווקע שטייט אפן וואך.

סטעפאנקע

בארינא; פארוואָס דיין באטיושקאַ[32]) נישט געקעיפט אַ אָכוואָטניק פאר אים? כאָטש אים. קאזשים,[33]) געלט גענוג, ניע-טאק-לי?[34])

---

29) נישט-קשה, באַלעבאָסטע!

30) טייוואָלים.

31) בא גאָט.

32) טאָטע.

33) דאָכט זיך.

34) ניט וואָר?

**חיה־שרה**

האָב אוועקגעשיקט. קיינער טאָר דאָס ניט וויסן, סטעפּאַן. אַ מענטשן אין שטאָט. דער פּאָטער אָבער מוז זיין אַפּן וועג קיין ריגע. אפשר וועט מען דערגיין וואו ער געפינט זיך איצט, אפשר ניט. ווער האָט זיך געקענט רעכענען אַף אַזאַ'ן אומגליק?

**סטעפּאַנקע**

מיין באַטקאַ'ס[35]) ווערטער — סלאַוואַ וו'סלאַוואַ![36]) געדיינק, יעי באָגו! ער געזאָגט ווען איך שוין געוועזט אָפּגעגעבן... אַ וויעדר[37]) איך יעמאָלט געוועזט גאָר פּיטשוק, דאַזשע[38]) פאַר מיין וואָזראַסט[39]) קליין; „קראַשקא זשידיאָנאָק"[40]) פלעגט דיאַדקאַ[41]) מיך רופן. אכט יאָר אַלט געוויעזט (חיה־שרה קוקט אומרואיק אַרוים פונם פענסטער). ניע ביעזפּאָקאָיסאַ, באַריניאַ,[42]) האָבסט נאָך צייט. אַ זאַטיעם[43]) פּייווקאַ, ער קוקט אַרוים... פּייווקאַ! דו בראַט,[44]) קוק אוים!

(באָבע רויזע בורבלט עפּעס און רייבט זיך די אויגן).

**חיה־שרה**

האָסט אויפגעוועקט די באָבען. שרייען טאָרף מען גלאַט ניט, סטעפּאַן. ....

**באָבע רויזע**

(נעמט אַריין דעם פלאַקס־פּאָדים אין האַנט און דרייט, האַלב

---

35) טאַטע'ס.

36) וואָרט אין וואָרט.

37) דאָך.

38) אַפילו.

39) וואוקס.

40) קליין אידעלע.

41) טאַטע.

42) באַאומרואיק זיך ניט, באַלעבאָסטע.

43 דערנאָך.

44) ברודער.

ניט ווייסנדיק וואָס זי טוט, דעם רעדל און זינגט ווי פריִער):
„איידער צו עסן יאָוואַנקע'ס קאַשע,
„בעסער צו לערנען חומש מיט רש"י".
אי־אַי־אַי!

סטעפּאַנקע

(טוט זיך אַ כאַפּ) אַ וואָט, וואָט, וואָט!45) דאָס מען אין אונזער צייט געזוגט, באַבאַ! גערדיענק, יעי באָגו, גערדיענק! (חיה־שרה קוקט ווידער אַרויס פון פענסטער) דאַראָם,46) באַריניאַ, האָבסט נאָך צייט. דאַ אי47) פּייוואַ. ער ניט דרעמליעט. טאַק וואָט,48) איינמאָל, איך שוין געווען אַ ריאַדאָוואָי, אַ גאַנצער סאָלדאַט, זנאַטשיט,49) פּוראַזשקאַ,50) שינעל, ביקס, ראַניעץ אַלץ ווי'ס פּאָלאָגאַיעט51) זשיך. אי וואָט קום איך מיטן פּאָלק מיינעם קיין סלאָנים. ניט ווייט פון מיין... ווי זאָגט מען עס? פון מיין ראָ־דינאַ,52) גיים, זנאַטשיט, וואו איך זשיך געהאָדעוועט. דאָ האָזש מען אונז, פּיעכאָטנע, אָפּרעדיעלאַיעט פּאָ בילעטאַם,53) איבער די באַלעבאַטים. טאַק וואָט אייני אָוונט אין יעסן ווי איצט, זיטשיך מיט אַ טרובקע אין מויל אַף אַ סקאַמייקע54) פאַרן הויז (חיה־שרה ווערט אַלץ אומרואיקער) סקאַזאַנאָ,55) האָבסט נאָך צייט, באַרי־

45) אָט, אָט, אָט!
46) אומזיסט.
47) און אויך.
48) אָט אַזוי.
49) הייסט עס.
50) אַ היטל.
51) ווי ס'פאָדערט.
52) היים.
53) פּוסגייער, באַשטימט לויט די בילעטן.
54) באַנק.
55) שוין געזאָגט.

ניאַ! טשעוואַ זשיך טרעוואָזשען פּאַנאַפּראַסנו?55) נו, זיטשיך און קוק איך אַרוים אַפּן גאַס. פּלוצים, זע איך אַ גאַנצע סטאַיע קינ־דער לויפן נאָך אַ ווייבל, אַפּגעריסן, אַפּגע...

## חיה־שרה

(כאַפּט אים אונטער, קוקנדיק אַן אַ זייט) אַפּגעשלים!...

## סטעפּאַנקע

יע, אַפּגעשלים. האָר ראַספּוסטשעט;57) ווינט טראָגט אין אַלע זייטן. אויגן אויסגע... אויסגעגלאָצטע, ווי בא אַ טויטע, אַף איין פוס טראַנטעס, טריאַפּקי, פּאַנימאַיעש, די אַנדערע גאָר הויל, טאָלקאָ58) מיט בלאָטע באַדעקט. טרוקענע בלאָטע, פּאַנימאַיעש. און זינגט, און וויינט; וויינט, טאָ יעסט 60), ס'נאַפּיעוואָם... מיט אַ...

## חיה־שרה

(ווי פריער) אַ נגון.. נו?

## סטעפּאַנקע

דו ווייסט? וואָס אידן וויינען נאַקאַנוניע61) יום־כפּור־אַ אין אָוונט, אין שול, און דאָס נעמט דורך און דורך... און די ווערטער טאָטש־וו'טאָטשנ62) ווי באַבושקאַ'ס (באָבע רויזע ווערט אויפמערקזאַם) וואָס זשי האָט טאָלקאָ שטאָ63) געזונגט... אַ נוקאַ, באַבושקאַ, ספּאָי!64)

---

56) צו וואָס זיך אומזיסט באַאומרואיקן.

57) פּאַנאַנדערגעלאָזן.

58) נאָר.

60) ס'הייסט.

61) ערב.

62) פּונקט אַזוי.

63) אַקאָדשט.

64) נו, באָבינקע, זינג!

באָבע רויזע

(פאַרשלאָפן און פויל):

„איידער צו טראָגן יאָוואַנקע'ס היטל,

„בעסער צו זאָגן תהלים אַ קאַפּיטל".

אַי, אַ חורבן אַ גרויסער!

סטעפּאַנקע

וואָט, וואָט, וואָט! און די ווייבל, זנאַטשיט, גייט און זינגט, די רעביאַטשיקעס65) איר נאָך... אי וואָט קומט זי נענטער. ווידנאָ, קראַסאָטקאַ 66) געוועזן אַמאָל. שטערן הויך, נאָז ווי אָפּגעטאָקט, מיילבעלע ווי בא זשאַוואָראָנאָק67) אַ קליינינקע. ס'ווילט זשיך ווינען, יעי באָגו! (חיה־שרה ווערט נאָך אומגעדולדיקער) באָרי־ניאַ, דו האָבסט נאָך צייט, וויערנאָ גאָוואָריו! טאַק וואָט, 68) ווער'ך געוואָר אָזש ווייבל ס'אומאַ סאָשלאַ, 69) משוגע, זנאַטשיט. מחמת האָט'ן איר ביאָבידל, סיראָטקאַ 70) דערצו נאָך, געבאַפּט, ווי מיך אַ קליינינקן, אַ ברעקעלע, אי סדאָלי. 71) אַ וואָט, באָבע רויזע, קאַזשים, ווידער איינגעשלאָפן!

חיה־שרה

שש... סטעפּאַן! לייכט מאַכן זיך דיינע אויגן צו באָבע אַלטע. אהאַ! רחמיאל קומט. סטעפּאַן, טראָג זיך אָפּ!

---

65) חברה.

66) קענטיק, אַ שיינהייט.

67) לערכע, לאַרק.

68) כ'זאָג דעם אמת! אָט אַזוי!

69) אַראָפּ פון זינען.

70) אַ יתומ'ל.

71) און אָפּגעגעבן.

סטעפּאַנקע

לאַרנאָ! 72) כ'גיי. אָבער בוד ספּאָקאָינאַ 73), חיה מיכאַילאָוונאַ, האָבסט נאָך צייט. און מיר מיט פּייווקען האַלט אוינגן אָפּן. ניעדאַראָם פּיפּאוטשוואַנטשיק יאָר מיקאַלאַיען געדינט.

72) גוט.
73) זיי רואיק.

## פינפטע דערשיינונג.

חיה־שרה

מיר קומט אָן דער ריידן מיט אים שווערער ווי קריעת ים־סוף. (רחמיאל קומט אריין) רחמיאל!

רחמיאל

נו ?

חיה־שרה

זעץ זיך דאָ לעבן מיר. (זיך מאכנדיק א הארץ) רחמיאל, דו וואָלסט איצט ניט וועלן לאָזן דיין ווייב און אוועקגיין, האַ?

רחמיאל

וואָס איז דאָ צו רעדן?

חיה־שרה

דו וואָלסט ניט קענען לעבן אָן מיר, ווי איך וואָלט ניט קענען לעבן אָן דיר, ניין?

רחמיאל

נו, אודאי!

חיה־שרה

וויל מען אונז אָבער פאנאנדערשיידן.

רחמיאל

ווי הייסט, פאנאנדערשיידן?

חיה־שרה

מען וויל דיר פון מיר אוועקנעמען.

רחמיאל

מיר? פון דיר? וו... ווער א שטייגער?

חיה־שרה

ווער? קהל.

רחמיאל

(עס ווארפט אים א צאָן אָן א צאָן) קהל? מיך אָפּגעבן ווילן זיי פאר א זעל....

חיה־שרה

פאר א זעלנער. (זי שטעלט זיך אוועק בקומה זקופה) אָבער זיי וועלן דאָס ניט דערלעבן.

רחמיאל

ווי הייסט? זיי וועלן...

חיה־שרה

זיי וועלן ניט נעמען, מחמת איך וועל ניט לאָזן.

רחמיאל

(כסדר ציטרנדיק) קינד דו! וואָס, לערך, קענסטו, אָט אפילו דו, טאָן אנטקעגן קהל?

חיה־שרה

ניט מיט כח, מיט שכל.

רחמיאל

דהיינו ?

חיה־שרה

האָב פארשפּרייט א סלוך 74), אז דו ביסט, ניט פאר קיין אידן געדאכט, זייער קראנק, אז דו... איך וויל די ווערטער פון מיין מויל ניט ארויסברענגען... ביסט...

רחמיאל

אל תפתח פּה לשטן... איך פארשטיי, נו?

חיה־שרה

פארשטייט זיך, דאָס וועט זיי ניט אָפּהאלטן... מענטשן ווי זיי קען מען ניט לייכט מולירן.. נאָך היינט דערוואַרט איך די ניט־געבעטענע געסט... אפשר אין א שעה ארום.

---

74) א קלאַנג.

רחמיאל

טאָ וואָס־זשע?

חיה־שרה

מיר וועלן זיי פּאָרט אָפּנאַרן. אַלץ איז אָנגעגרייט... זיי וועלן אַוועקגיין מיט ליידיקן. אין עסצימער אונטערן שלאָפבאַנק האָב איך אַ מכסה... ליכט... אַלץ ווי ס'באַדאַרף צו זיין. דו וועסט זיך מאַכן פאַר...

רחמיאל

(אין גרויס שרעק) פאַר ט... טויט? ניין, ניין, ניין!

חיה־שרה

ליבסטער, עס איז קיין אַנדער מיטל ניטאָ. מיינסט איך האָב זיך דיר נישט—מיר נישט... מיט אַ לייכטן האַרצן... גענומען צו אַזאַ זאַך. אָבער אַלע וועגן זיינען אָפּגעשניטן. זיי האָבן אַף אונז הונדערט אויגן. וואָלט דער טאַטע געווען אין דער היים, וואָלטן מיר זיך אפשר אויסגעקויפט מיט אַ גרויסן פּדיון...

רחמיאל

חיה־שרה'לע דאָס איז דיין טאַטע, נעם ניט פאַר אומגוט... אָבער ער האָט דאָס געטאָן אומישנע. ער איז דערפאַר טאַקע אַוועקגעפאָרן...

חיה־שרה

(קאַלט) ניט דו רעדסט, זיסינקער, דער ווייטאָג רעדט אין דיר.

רחמיאל

ניין, ניין! איך ווייס וואָס איך רעד. אָט צוליב דעם גרויסן פּדיון איז ער טאַקע אַוועקגעפאָרן... האָט חלילה ניט גע־מיינט קיין בייז. איך האָב דיר שוין געזאָגט, ער האָט זיך נאָך יום טוב געזען מיט אַ שטאָטיקן בעל־הבית דאָ אין קרעטשמע. פאַר־שטיי איצט אַלץ... אַלץ איז מיר מיט אַמאָל קלאָר געוואָרן. אַלץ. מען האָט פאַרלאַנגט אַ גרויסע מטבע. זענען מסתמא געווען אַכ־וואָטניקעס. דער טאַטע האָט געקלערט, זיי וועלן זיין איידעם — דעם מיוחס — ניט סמייענען צו נעמען און וועלן ביז איבערן

פריאם אפילו ניט וויסן וואו ער איז, באַ אים מיט סטראַשונ־
קעם ארויסצומאַניעווען גרויסע געלט... איצט איז שלעכט...

חיה־שרה

קאָן זיין דו ביזט גערעכט... אָבער איצט קאָן מען וועגן קיין אנדער זאַך ניט טראַכטן ווי דיך ארויסצוראַטעווען פון זייערע הענט... איצט וואָלט אפשר שוין קיין גרויסער פדיון אויך ניט געהאָלפן, קהל פעלן נאָך דריטהאַלבן נפשות... צום פריאָם איז ניט געבליבן פיל צייט... אפשר ווילן זיי זיך טאַקע אַף דעם אופן נוקם זיין אָן דעם טאַטן... ווער ווייס? אפשר איז... קאַריק ריידנ־דיק, זיי טאַקע איינג אין מוח, דערהויפט אויב זיי געפינען ניט דעם בחור אין האָלאָזעם. זיסינקער, עס איז נאָר דאָ איין ברירה... (אירע אויגן ווערן פול, אָבער זי באַהערשט זיך) און דו ווייסט דאָך: איין ברירה איז קיין ברירה.

רחמיאל

אפשר זיך ערגעץ־וואו באַהאַלטן?

חיה־שרה

וואו? אין שטאָט געפינט מען אויך באַהאַלטענע און דאָרטן זענען דאָ אַ סך הייזער און אַ סך ווינקעלאַך. דאָ ביזטו אין ערגעץ ניט זיכער. איך טאָר דיר ניט שטעלן אין סכנה...

רחמיאל

ווייסטו אַף קלאָר, אַז זיי האָבן אָן אויג אַף מיר?

חיה־שרה

טויזנט אויגן...

רחמיאל

ווי דער מלאך־המות! (ער זיפצט זיך אָפּ.)

חיה־שרה

(אביסל ערגערלאַך) רייד ניט אַזעלכע רייד, זיסינקער! איך זאָג דיר, זיי האָבן אויגן אומעטום און איילן זיך אפילו גאָר ניט. זיי קלערן, מען קומט און מען נעמט — זיכער ווי אין קעשענע, — זיכערע יסורים אַף זיי! (אין טיר באַווייזט זיך סטעפּאַנקע.)

רחמיאל

פון וואַנען ווייסטו דאָס אַלץ?

חיה-שרה

שוין נאָענט פון צוויי וואָכן זינט איך לאָז פֿון ז י י אַן אויג ניט אַראָפּ. (סטעפּאַנקע קומט אַריין.)

## זעקסטע דערשיינונג

חיה־שרה

וואָס ווילסטו, סטעפּאַן?

סטעפּאַנקע

ניטשעוואָ, באַריניאַ, האָב דיר געוואָלט זאָגן: האָבסט נאָך צייט. גיקומען מענש פון האָלאָזעם אין מיל, מיט ברויט, פּשעניציי 75), פּאַנימאַיעש. זאָג ער, וועלפּקע געקערט אום גאַנץ דערפּעל. זוך ווי מיט ליכט דעם פּאַרען 76). ווידנאָ 77), אַנטלאָפן שוין לאַנג.

חיה־שרה

פּייווקע אַפּן בוים?

סטעפּאַנקע

דאַ 78), באַריניאַ, פּייווקע מאַלאַדיעץ!

חיה־שרה

(צום מאַן) פּייווקע, פּאַרשטייסטו, פּייווקע דעם מילנערס שטייט הויך אויף אַ דעמב און האַלט זיינע שאַרפע אויגן אָפן.

רחמיאל

(בורבלענדיק אונטערן נאָז) זיינע שאַרפע אויגן!

חיה־שרה

וואָס זאָגסטו?

---

75) ווייץ.

76) בחור.

77) קענטיק.

78) יאָ.

רחמיאל

גאָרנישט. אזא בחור ווי פּייווקע...

חיה־שרה

קומט שטאַרק צו־ניץ. דו ווייסט ניט ווי געטריי ער איז מיר. פאַר מיר איז אים קיין זאַך ניט צו שווער. פון קינדווייז אויף גע־וואַקסן אזוי. קען זיך אַף אים פאַרלאָזן.

רחמיאל

(פאַרטראַכט) ווייזט אויס אזוי!

חיה־שרה

ווי אַף זיך אַליין. באַווייזן זיי זיך (רחמיאלן טוט אַ שוידער) אין אַ מהלך פון אַ וויאָרסט גיט ער אַ פייף. דאַן האָבן מיר נאָך אַ פערטל שעה צייט. אַלץ איז אָנגעגרייט. דו וועסט... ליגן אין קאַמער... זיי וועלן דיך זען פון ווייטן דורכן טיר... אריינגיין וועלן זיי ניט סמייען. קיין אַנדער מיטל איז ניטאָ. זיסינקער, ניטאָ. גאָט איז מיין עדות, ניטאָ!

רחמיאל

אָבער אפילו: אַי, זיי וועלן ניט גלויבן! וועלן אריינגיין...

חיה־שרה

סיידן זיי שפּרייזן איבער מיר! וועלן ניט סמייענען, זאָג איך דיר. מיין גרויסער קלאָג וועט זיי אָפּהאַלטן... וועל זיך ניט דאַרפן מאַכן קלאָגענדיק; מיין צער איז גרויס גענוג און גרויס איז מיין סכנה, ער אין הימל ווייס! אגב וועלן מיר באַבע רויזע זאָגן — איך און פּייווקע — אַז... דו ווילסט וואָס זאָגן? — אַז דו ביסט טאַקע אין דער אמת'ן... זי וועט גלויבן און וועט אויך גענוג ווײנען.

רחמיאל

אפשר פאַרשטעלסטו מיך בעסער פאַר אַ...

חיה־שרה

פאַר אַ ווייבל? האָב וועגן דעם אויך געטראַכט. אָבער קודם, וואו נעמט מען אין דאָרף אַ בריטווע. אָפּשערן דיין באָרד וועט ניט טויגן. אגב איז דאָס שוין אזוי גוט באַוואוסט, אָט־דער

קונץ, מיין איך, אז עס פאלן דערויף אלע כאפּערס פריער ווי אויף אלין.

רחמיאל

און טאָמער קומען זיי פּאָרט אריין און הויבן אויף די מ...
מכסה ?...

חיה־שרה

איך זאָג דיר, זיסינקער, זיי וועלן ניט סמייענען. אידן האָבן חוץ אלע מעשיות, בושה פארן...

רחמיאל

בושה פארן טויט... אמת, אָבער זע, טו א טראכט. אפשר איז פּאָרט עפּעס דאָ אנאנדער פּאָרטל.

חיה־שרה

ניטאָ, זיסינקער, ניטאָ ! טו ווי איך הייס דיר ! (עס הערט זיך א סוויסטש). שוין ! אָ, טאטע אין הימל ! דערבארס זיך אף אונז. (רחמיאל גייט האסטיק ארויס).

באָבע רויזע

(כאפּט זיך אויף, רייבט זיך די אויגן) שוין שפּעט ?

חיה־שרה

(ברעכט די הענט) באָבינקע, אן אומגליק האָט אונז געטראָפן! אויס איז מיין וועלט.

פייווקע

(ארייגלויפנדיק, אין גרויס אויפרעגונג) נאָך ניט... דערווייל נאָך ניטאָ, חיה־שרה'לע... האָב געהאַט א טעות !

פאָרהאַנג.

# דריטער אַקט

דער צימער פֿונם ערשטן אַקט, מער ניט דער גאַרדין אין דער ברייט פֿונם צימער איז איצט פֿאַרצויגן. דורכן לייוונט זעט זיך דאָס פֿינקלען פֿון ליכט אינם הינטער־גרונט. דרויסן הויבט ביסלאַכווייז אָן צו ווערן טונקל.
עס איז שוין אַרום פֿינף אַ זייגער.

## ערשטע דערשיינונג

(אין טיר, אַריינקומענדיק) ביזטו זיכער, פּייוועלע, אַז דאָס האָט זיך דיר נאָר אָפּגעדאַכט ?

פּייווקע

זיכער, זיכער, חיה־שׂרה׳לע, וועל דיר ניט נאַרן.

חיה־שׂרה

ווי אַזוי האָסטו דאָס געמאַכט אַזאַ טעות ?

פּייווקע

האָב געזען פֿון ווייטן אַ גרויסע בויד, פֿאַרנדיק אַהער־צו־צו, האָב׳ך געקלערט דאָס מוז זיך וועלפּקע לאָזן אַהער, ער מיט זיינע בת־ליצנים.

חיה־שׂרה

נו, געלויבט דער אויבערשטער דערפֿאַר ! גלייכער אַזאַ טעות איידער, חלילה, פֿאַרקערט. גיי צוריק, פּייוועלע, קלעטער נאָך אַמאָל אַרויף אויפֿן דעמב און... מילא דיר דאַרף מען ניט זאָגן וואָס צו טאָן. (גייט אַרום אויפֿגערעגט איבערן צימער און ברעכט די הענט) אָי, פּייוועלע, וואָס וואָלט איך איצט געטאָן אָן דיר ?

רחמיאל, דו בלייב אינעווייניק; קום ניט ארויס, כדייער ניט צו רייצן זיך מיטן שטן, ווי דו זאָגסט... רחמיאל! איך קלער איכ'ל פאָרט ארויסקוקן אפן וועג. פייוועלע, בלייב דאָ מיט רחמיאלן.

רחמיאל

זאָם זיך ניט! זע צי'ז, נאָך אלעמען, ניטאָ ערגעץ אנאנדער מיטל... די אימה פון ליגן אפ דר'ערד! גיי, זע טאַקע אליין... מיין הארץ קלאפּט. אפשר איז דער שרעק גאָר אינגאנצן אן אומ־זיסטיקער.

חיה־שרה

הלואי, רבונו של עולם! אָבער (גייט ארויס).

פייוועקע

הערט רחמיאל!

רחמיאל

(אלץ פון אינעווייניק) נו?

פייוועקע

איר ווייסט? חיה־שרה'לע האלט עס בסוד...

רחמיאל

עפּעס אזוינס וואָס דו איינער ווייסט?

פייוועקע

יע, מיר דערציילט זי אלץ.

רחמיאל

אזוי? (פאר זיך) זיינע „שארפע אויגן" און אירע „שוואר־צע אויגן" — ער'עלע און זי'עלע! אָ! (ער זיפצט זיך אָפּ; צו פייוועקען) א סוד, זאָגסטו? זי האלט דאָס בסוד... נאָר אָט דו וועסט מיר'ס זאָגן, האַ? מיר האלטן אפ א דרך, נו?

פייוועקע

איינערנעכטן האָט חיה־שרה'לע אוועקגעשיקט דעם טאַטנס א מענטש — פון מיל, פארשטייט איר — אין שטאָט אריין זוכן דעם שווער אייערן.

רחמיאל

עס וועט מען ניט געפינען... ברודערקע.

פייווקע

האָט מיטגעגעבן אַ שיינע מטבע; האָט באַפוילן ניט זשאַלע־ווען קיין הוצאות, אַבי אים געפינען; האָט אויסגערעכנט אַלע ערטער און ווינקעלאַך, וואו ער קען זיך איינגעפינען... היינט פאַרטלען און... ווי רופט איר דאָס... האָט זי אייך! אַ שפּאָס איר מח!

רחמיאל

(מיט שטייגענדן פאַרדרוס אין קול) אַזוי! (אונטערן נאָז) צו שמאָלצן ווערסטו גאָר אין דער התלהבות ווען איר...

פייווקע

הערט, רחמיאל! זי קלערט, פאַרשטייט איר, דער שווער קען דאָ נאָך היינט זיין... אפשר נאָך פריער ווי וועלפקע מיט די כאַפּערס...

רחמיאל

(אין אַ פריינטלאַכן טאָן) אַזוי! און... וואָס באַהאַלט זי זיך פון מיר?

פייווקע

מסתמא דאַרף מען.... זי ווייס וואָס זי טוט. איר ווייסט, רחמיאל?

רחמיאל

נו?

פייווקע

אפשר האָט זי מורא... אַשטייגער ווען איר קלערט, אָט־אָט קומט דער שווער, וועט איר ניט וועלן.... איר פאָלגן, זיך פאַר־שטעלן פאַר...

רחמיאל

פאַרשטיי, איך פאַרשטיי, דאַרפסט ניט אויסטייטשן. (קורצע פויזע). פייווקע, הער!

פייווקע

וואָס זאָגט איר?

רחמיאל

לאָז זיין... (נאָך אַ קורצע פּויזע) דו זאָגסט, דו האָסט מורא פאר איר בליק? ניין?

פּייוזקע

(פאר'חלומ'ט זיך) און... און איר ניט? און, דאכט זיך, זי איז אזא גוטע. קען איר פון קינדווייז אויף. אַ דימענטענע הארץ, און קוקט זי אייך אָן... עפּעס ווי דער אסעסאָר אליין וואָלט אייך אָנקוקן. חיה־שרה'לע, פארשטייט איר?

רחמיאל

(וויל ניט מער הערן) דיין טאטע, ווי אלט, לערך, קען ער זיין?

פּייוזקע

(האסטיק) אין מיכאלס עלטער... חיה־שרה'לע, פארשטייט איר, רחמיאל, איז אַ ווייבל עפּעס גאָר ניט ווי אלע ווייבלאך... זי האלט אפילו דעם שווער אייערן אין די לייצעס... אלעמען.... זי קירעוועט און מען גייט. איר קענט טרייבן אַ פערד? פון וואַנען זאָלט איר קענען? איך קען. זי שרייט ניט, זי ליארעמט ניט... מען פאָלגט איר... אַ גוטער טרייבער, באדארף ניט קיין בייטש... וואָס ווייסט איר, ווער זי איז?... אַ גוטער טרייבער פילט די בהמה דעם בעל־הבית אין דעם צי מיט די לייצעס... פרעגט בא מיר!

רחמיאל

(פאר זיך) מליצה געפינט זיך בא אים, דעם שנעק, ווען ער רעדט וועגן איר... און דאכט זיך, זי איז מיר אזוי צוגעטאָן...

פּייוזקע

אָט איז זי! ז'קומט צוריק!

## צווייטע דערשיינונג

חיה־שרה

נאָך צייט, נאָך צייט ! געלויבט איז גאָט דערפאַר ! פּייווע־לע, איצט גיי דו ארויף אפן בוים... גיי גלייך. (סטעפּאַנקע באַווייזט זיך אין טיר. פּייווקע האָט געהאַלטן אין גיין, בלייבט שטיין). עפּעס נייעס, סטעפּאַן ?

סטעפּאַנקע

אין מיל געקומט אַ איד מיט טוו... מיט פּשעניצא צו מאָלן, זאָגט, ער געזעט דיין באַטיושקאַ, — אין שטאָט־מאָל !

חיה־שרה

הלוואי וואָלטן מיר עס שוין זען ! קען נאָך קומען, מיט גאָטס הילף, אין צייט, אָבער מיר פאַרלאָזן זיך ניט אף נסים. רחמיאל, דו הערסט ? דער טאַטע קען נאָך אפשר באַלד קומען. האָב גע־שיקט נאָך אים, ער איז אין שטאָט... פונדעסטוועגן, פּייוועלע, צו־ריק אפן וואך ! (פּייווקע אָפּ).

רחמיאל

(קוקט אריין דורכן געעפענטן גאָרדין) חיה־שרה, ווייסט וואָס איך האָב פאַר אַ פּלאַן ? דו זאָגסט, אַז פּייווקע וועט אַ פּייף טאָן וועלן זיי זיין איבער אַ וויאָרסט פון דאַנען, ניין ?

און מיר וועלן נאָך האָבן אַ פערטל שעה צייט.

רחמיאל

וועל איך דיר זאָגן, וואָס מיר קענען טאָן. סטעפּאַן, דו הער צו מיט קאָפּ...

סטעפּאַנקע

יעשטשאָ־בי 79) ! איך שווין הער קאַק סלעדויעט 80).

רחמיאל

לאָז סטעפּאַן איינשפּאַנען אַ פערד, דעם פלינקסטן וואָס מיר האָבן, אים האלטן אָנגעגרייט אין סטאַדאָלע... ער איז אין מיין הויף. ווען ס'דערהערט זיך פייוּוקעס סווישטש, שטעלט ער זיך אַוועק אַ קלאַפּטער צען פון הויז... (ווערט אלץ מער אויפגערעגט וואָס לייגגער ער רעדט) און ווען זיי זיינען אַ קורצן מהלך פון אים, אַ פערטל ווייאָרסט לערך, טוט ער זיך אַ לאָז לויפן אויף דעם וועג קיין סטאַראָלופּקע. זיי מיינען אַז דאָס בין איך און... און טוען זיך אַ לאָז אים יאָגן. איך זיץ דערווייל שווין אין דעם וועגעל אין סטאַדאָלע... דו גיסט מיר צו ווּיסן... אפשר שפּרינגסטו אליין אריין צו מיר אין וועגעל און... און בעת זיי פליען ווי די רוחות קיין סטאַראָלופּקע, פאָרן מיר קיין האָלאָזעם פונוואַנען זיי קומען... און אַז גאָט גיט....

סטעפּאַנקע

רחמיאל מאָלאָדיעץ, יעי באָגו ! איך קען לויפן ! כאַפּן זיי מיר ניט גלייך... לויף דורכן וואלד... בויד קען ניט... פּאָנימאַ־יעש... ביז זיי מיר כאַפּן? דו זאַ־גאָ־ראָמי 81) ! מאָלאָדיעץ, רחמיאל, יעי באָגו, מאָלאָדיעץ !

חיה־שרה

דיין פּלאַן זיסינקער, איז אפשר ניט שלעכט, אָבער בויען דער־רויף קען מען ניט. זיי זענען אַ סך. דארפן ניט אלע לויפן נאָך סטעפּאַנקען.. מיר.. איך מיין, זיי קענען לאָזן אַ פּאָר דאָ בא אונז.. וועלן דאָס געוויס טאָן... ווי רירן מיר זיך ארויס פון סטאַדאָלע... אגב קענען זיי גלאַט לאָזן אויפן וועג פון האָלאָזעם אַ מענטשן, אָדער צוויי... מיר קענען זיי אריינפאָרן אין סאַמע פּאַסטקע אריין. ניין, טייערער, קיין אנדער מיטל זע איך ניט. מיר זענען שווין

---

79) נאָך ווי אַזוי.

80) ווי ס'באַדאַרף צו זיין.

81) הינטער אַלע בערג.

לאנג ארומגערינגעלט... דאס פיל איך באַ זיך... מיר מוזן זיי לאזן קומען אין שטוב אריין און גאָט וועט אונז פון דער סכנה ארויס־טראגן...

רחמיאל

(פון הינטערן גארדין) כ'גלויב דו ביסט גערעכט ! און קיין אנדער מיטל איז אויך ניטאָ? און באָבע רויזע?

חיה־שרה

זי שלאָפט אין פאָרהויז. שלאָפט זיצנדיק. ווען איר ניט אויפוועקן ביז מיר הערן דעם פייף... האלב ווים זי שוין און איז נעבאך איינגעשלאָפן וויינענדיק.

רחמיאל

און איר וועט איר זאָגן ?

סטעפאַנקע

פאַניאַטנאָ 82) ! וועט גלויבן, סטאַרושקא 83) ! פּאָפּלעקציא סקאזשעם 84).

חיה־שרה

געוויס, געוויס! ווארט, סטעפאַן, וואָס האָב איך געוואָלט דיר זאָגן? אַלץ, דאכט זיך, אָנגעגרייט? סטעפאַן, געדיינק, טאָ־מער קומט דיר אוים וואָס צו זאָגן : שוין א פּאָר שעה ווי ער... ער איז... הייסט דאָס... ניט געוואָרן, מיין טייערער !

סטעפאַנקע

לאַדנאָ, באַריניא 85) !

חיה־שרה

און באָבע רויזע דארף מען אויך אזוי זאָגן. איצט גיי, מיין פריינט... ווי גוט איר זייט אַלע צו מיר... אָ, דער אויבערשטער וועט געבן וועט נאָך דער טאטע אונטערפארן און מיר וועלן די גאנ־

82) פאַרשטענדלאַך.

83) אַלטעטשקע.

84) מיר'ן זאָגן ס'איז אַפּאָפּלעקציע.

85) גוט, באַלעבאָסטע.

צע פארשטעלעניש ניט דארפן... סטעפאן ! הער, נאָך וואס ! חברה קדישא... דו ווייסט דאָך ווענמען איך מיין...

סטעפאנקע

וויים איך, וויים איך...

חיה־שרה

חברה קדישאָ, הייסט דאס, זענען דא שוין געווען... האבן אראפּגעהויבן... נאָר רייד ניט אויב מען פרעגט ניט... סתם ניט נויטיק צו ריידן... זיי אָבער בא דער האנט... מאלע וואס קען זיך מאכן... און איצט רחמיאל....

רחמיאל

(שפּרינגט ארויס פון הינטערן גארדין) חיה־שרה ! חיה־שרה!!

חיה־שרה

(קומט האסטיק צוריק) וואָס ווילסטו גוטינקער ?

רחמיאל

דארפסטו׳ם אים אזוי נויטיק ?

חיה־שרה

(אפּן שוועל, ריידנדיק אין גרוים האסט) ווענמען ? סטע־פאנקען ?

רחמיאל

ניין, ניין... ניט אים... איך מיין....

חיה־שרה

גאָט איז מיט דיר... וואס האלטסטו מיך... די מינוטן זענען געציילטע... זאָג, גיך : ווענמען מיינסטו ?

רחמיאל

ווענמען זאָל איך מיינען ? אים... פּייוויקען... קענסט דאָס אָן אים גאָרניט אויסקומען...

חיה־שרה

(טוט זיך א כאפּ באם קאפּ און זיפצעט זיך אָפּ) אויסקומען אָן פּייוויקען ? וואָס מיינסטו ?

רחמיאל

וואלסט זיך ניט קענען באגיין היינט אָן אים ?

חיה־שרה

באגיין זיך אָן א י ם ? רחמיאל, וואָס רעדסטו ? פייווקע איז דאך מיין רעכטע האנט... אלעמאל ובפרט היינט... איצט... אים איז דאך פאר מיר קיין זאך אין דער וועלט ניט צו שווער... ער וואלט דאך פאר מיר אין פייער און אין וואסער גיין... די פיס וואשן און די וואסער טרינקען... ער פאר מיר, א קליינינקייט... א ביסל !... (זי טוט א שפרייז איבערן שוועל ארויסצוגיין).

רחמיאל

חיה־שרה ! הער ! איך בעט דיך... אפשר פאָרט... אָ !

חיה־שרה

זיסינקער ! האלט מיך ניט... גיי גיך צוריק אינטערן לייוונט... טו, ווי איך היים דיר...

רחמיאל

דו פארשטייסט ניט...

חיה־שרה

וואָס, רחמיאל ?

רחמיאל

איך ווייס ניט... דאכט זיך אַזוי גארניט, אָבער זע איך אים לעבן דיר?... (עס דערהערט א פייף ניט קיין זייער א הויכער).

חיה־שרה

מאַטע אין הימל ! גיכער ווי איך האב געמיינט... סטעפּאַן, דו בלייב דאָ א ווייליע... קען דיר דארפן... (זי לויפט אריין צו רחמיאלן אינטערן גארדין) זיסינקער, טו ווי איך היים דיר און גאָט וועט אונז ארויסטראגן פון דער סכנה...

רחמיאל

(הינטערן גארדין) ער, כביכול, אליין קען אונז העלפן... (עס דערהערט זיך נאך א פייף).

חיה־שרה

זיי מוזן זיין נאענט פון קרעטשמע... גיך, רחמיאל, מיין לעבן!

פייווקע

(קומט האסטיק אריין) וואו איז חיה־שרה'לע ?

סטעפאנקע

אָן, הינטערן קרעטשעם[86], האַ?

פּייווקע

חיה־שרה'לע, דו הערסט?

חיה־שרה

יע, יע, נו?

פּייווקע

וואַרט, איך גיי ארויס; וועל שטיין פון יענער זייט פענ־סטער... האַלט עס אָפן... וועסט מיך הערן... וועל דערווייל קוקן וואו מען דאַרף... הער־צו! זיי זענען נאָך באַם קרעטשמע. וועלפּקע האָט אָפּגעשטעלט זיין בויד... אריינגעשיקט אַהין א חברה־מאַן. קלערט, משמעות, מיר באַהאַלטן זיך דאָרטן.... קאָפּ ניט אויסגעדאַרט... הער, חיה־שרה'לע! כ'האָב בא זיך בורדיוקן, ער וועט נעמען בילן, ווען זיי קומען נאָענט אהער־צו־צו! טאָמער ניט, וועל א י ך א ביל טאָן ווי א הונט. נאָר בורדיוק וועט טאָן דאָס זייניקע... בילט אַף יעדן פרעמדן פערד.

חיה־שרה

האַלט, פונדעסטוועגן, דערווייל די אויגן אָפן, פּייוועלע! וואַרט, רחמיאל, אָט אזוי... ניט גערירט זיך בעת זיי קומען אריין... וועל נאָר אַף איין רגע'לע עפענען דעם גאַרדין... אַף איין רגע... איצט וועל איך אויפוועקן די באָבען... איר אָנזאָגן... גיב מיר כח, טאַטע אין הימל. (דערשטיקט די טרערן אין האַלז מיט גרוים אָנשטרייננגונג). פּייוועלע, הייסט עס, ווען איך הער א גע־ביל, הויב איך אָן צו קלאַגן, זיך איינהאַלטן איז שווער... סטעפאַן, גיי ארויס און בלייב ניט ווייט פון טיר. דו, פּייוועלע, שטיי אָט דאָ באַם פענסטער. (זי גייט ארויס, הינטער איר סטעפאַנקע). איין רגע'לע, רחמיאל זיסער! איין רגע!

---

86) ער, הינטערן קרעטשמע.

פייווקע

(הינטערן פענסטער, ווי פריער) סטעפּאנקע, א י ר פּאָלגן און ווייטער גאָרניט.

סטעפּאנקע

(אויך דרויסן; ער זעט זיך ניט) פּאָניאַטנאָ! (לאזט אראפּ דעם קול) זעט זיך נאך גארניט.

פייווקע

גארניט דערווייל, גארניט! סטעפּאן, טאָמער וועט נויטיק זיין א קלאפּ?

סטעפּאנקע

נו, בראט... ניט געזארגט...

פייווקע

איך בין אויך ניט קיין שוואכער בחור'ל. אָבער ווארט ביז זי הייסט. א י ר פאלגן, פארשטייסט? (עס דערהערט זיך א שרעקלאכער יאָמער־געשריי און ווערטער; חיה־שרה קומט אריין). דאָס איז באבע רויזע! מען האט איר אנגעזאגט אז... שוין מיט אלעמען. א רחמנות אף די אלטע...

חיה־שרה

(קומט אריין) די באָבע נעבאך! זי וועט דאס ניט אויס־האלטן... רחמיאל'ינקע, שטיל! (עס הערט זיך דער געביל פון א הונט). שוין! (זי זעצט זיך אף א טאַבורעטקע באם האלב געעפנטן גארדין, מיטן רוקן צום פּובליקום, אריבערגעבויגן איבער רחמיאל'ן) שש... מיין טייערער! (הויבט אן צו קלאגן; א פּאָר מינוט וויינט זי מיט א גרויסן יאָמער און ווערטער, וועט זי הערט די טריט פון די כאפּערס זאגט זי:)

א העלישער פייער האָט אים אנגעצונדן!

אָי, ווינד און ווײי איז מיר!

אָי, רחמיאל'ינקע, וואָס טו איך איצט אן דיר?

## דריטע דערשיינונג

(די טיר עפנט זיך און עס קומען אריין וועלפקע מיט דריי באַפּערס. אין דעם אויגנבליק הערט זיך ווי הינטערן טיר זאָגט:)

סטעפּאַנקע

נאַפּראַסנאָ, גאָספּאָדאַ 87)! ניטאָ דאָ וואָס צו זשוכן. געשטאָרבן, גאָספּאָדאַ...

(די באַפּערס בלייבן שטיין ווי צעטומלטע; חיה־שרה'ס קלאָג מאַכט אַ רושם; קוקן פון איר אויף באַבע־רויזען און פון דער אַלטער אויף איר; פּלוצלונג טוט וועלפּקע אַ צי אָן אַ זייט דעם פאָרהאַנג. אויף איין אויגנבליק זעט זיך פאַרן גאַנצן עולם רחמיאל, אלס אַ מת אויף דער ערד, צוגעדעקט מיט אַ מכסה, צוקאָפּענס און אַ גרויסע וואַקס־ליכט אין אַ זייט. די גאַנצע צייט האַלט חיה־שרה אין איין קלאָגן. ווען וועלפּקע אָדער אַנאַנדערער רעדט, קלאָגט זי אָן ווערטער. זי און באַבע־רויזע ריידן קלאָגנדיק דורך די גאַנצע סצענע).

חיה־שרה

אָי, טאַטע אין הימל, ווי האַרט שטראָפסטו מיך זינדיק אידיש קינד!

---

87) אומזיסט, מיינע הערן!

— ווינד און וויי איז צו מיינע יאָרן !

— רחמיאל׳ינקע, מיין זיסינקער, מיין טייערער, מיין הארציקער, וואָס ווערט היינט פון מיר !

— אָי, וויי און וויסט איז מיר !

— אָי, א דונער האט אים איינגעשלאגן !

— אָי, וויי און ווינד איז מיר !

— אָי, טאטינקע, א בייזער שטורם האט א יונגן בוימעלע אויסגעריסן !

— ווינד און וויי איז צו מיינע יארן.

— אָי, א קאסע א שארפע האט אים ווי א זאנג אָפגעשניטן!

— רחמיאל, טייערער, איידעלער, יחסן, געלערנטער מיינער, וואו קומסטו איצט אהין ?!

— אָי, רחמיאל,ינקע, די שכינה האָט דאָך אף דיר גערוט !

— אָי, פון א ליכטיקע שטוב אין א פינצטערע גרוב !

— אָי, פינצטער ווערט דאך מיר אין אלע פיר ווינקעלאך מיינע !

— טאטע בארמהארציקער, פארוואָס קומט דאָס מיר ?

— אָי, פאר וואָסערע זינד האָסטו מיר אזא שווארצן יאָר אָנגעשריבן !

— אָי, וויסט און ווינד איז מיר !

— פארוואָס קומט מיר אזא פינסטערע חתמנו, גרויסער גאָט אין הימל ?

— אָי, וויי איז מיר ! (זי וויינט ווייטער, אָן ווערטער).

וועלפקע

כלאָפּצעס 88), ס׳ווייזט אוים מיר קריגן א טויטן העכט אין נעץ אריין.

---

88) יונגען.

א כאַפּער
האָט טאַקע געלוינט, ווי איר זעט מיך אַ אידן, צו פליען ווי די רוחות צו אַ נאָוואָבראַנעץ 89) אויפן טהרה־ברעט!

אַ צווייטער כאַפּער
און דערווייל קען אונז אַנטרינען דער יונגער בוים פון סטאַראָלופּקע.

ערשטער כאַפער
אַנטרינען! אַ ליאַרם איבער דער גאַנצער גובערניע און געכאַפּט אַ קריינק! עסקים, ווי איר זעט מיך אַ אידן.

אַ צווייטער כאַפּער
קריגן מיר אים ניט אריין היינט באַנאַכט אין זאַק אריין, קענען מיר אים מאָרגן שיטן זאַלץ אַפן עק.

ערשטער כאַפּער
קומט, אידן, מיט אים וועט זיך שוין חברה־קדישא ספּראַווען. מיר דאַרפן סחורה וואָס צאַפּלט אין נעץ. קומט!

וועלפּקע
צי אויף! וואָס ברענסטו? (צו באָבע־רויזען) הערט, אַלטע, ווען איז ער געשטאָרבן?

באָבע רויזע
(קוקט אים אָן און קלאָגט שטילערהייט ווייטער).

וועלפּקע
ווען איז ער נפטר געוואָרן?

באָבע רויזע
(קלאָגנדיק) ווער? ער? היינט איז ער געשטאָרבן, היינט איז ער ניט געוואָרן.

וועלפּקע
נו? און די לויה? מיט חברה־קדישא מושווה געוואָרן?

---

89) רעקרוט.

90) יונגען, מיטן רעכטן פוס פאָראויס, מאַרשירט!

פּייווקע

(דורכן פענסטער) אייער עסק, ניין ?

וועלפקע

וואָס ? אַ דו סמאַרקאטש איינער ! ער רעדט אויך ! א פּיסק א ביסל !

חיה־שרה

(קלאָגנדיק) גזלנים ! האָט איר דאס קיין אנדער אָרט ניט? אָי, א וויסטער קלאג צו מיר !

ערשטער כאפּער

נו, וועלוועל, וואָס מארודען מיר דא. אין סטאראלופּקע ווייס מען געווים שוין אז מיר זענען אפן וועג. נאך א ווײלע געפינען מיר דארטן א פּוסטן נעסט.

וועלפקע

גערעכט, בראט, גערעכט ! מע דארף גיין ווייטער. כלאָפּ־צעס, נאפּראוואָ, שאגאָם מארש!

חיה־שרה

(הויבט נאָך העכער אויף דעם קול)

— אָי, רחמיאל'ינקע מײַנער ! אָי, וויי איז מיר !

— איצט קומען די קברנים און איך האב מיין וועלט פאר־שפּילט !

— אָי, רבונו של עולם ! פארוואָס בין איך א לעבעדיקע פון מיין מאמעס לייב ארויס ?

— אָי, וויי איז מיר !

וועלפקע

(באווייזט זיך פון דאס ניי אין טיר) כלאָפּצעס, אהער־צו־צו! אפשר — א מאלאָ וואס קען זיך טרעפן ? — אפשר מולירט מען אונז און... דער בעל־דבר איז גארניט טויט ? וואס זאגט איר, חברה ?

חיה־שרה

(מאכט זיך ניט הערנדיק און קלאגט אין דעמזעלביקן קול, אָן ווערטער).

וועלפקע

אמאָל טוט א איד אַ אידן אָפּ אַ שפּיצל און נאַש־בראַט איז די כּפּרה.

ערשטער כאפּער

שטות! א ווערטל איז בא אונז דאַ: „זאָגט מען געשטאָרבן — גלויב!"

וועלפּקע

ניט אין צייט פון אַ נאַבאָר, ר' קרוב! דאָ קען אַלץ טרעפן. וועלטן, פאַרשטייסטו מיך, קערן זיך אין אזעלכע צייטן איבער; נסים געשעען פון אָנהויב נאַבאָר ביז לאחר הפּריאָם. איך, פאַר־שטייט איר מיך, כלאַפּצעס, בין פון די אַלטע הינער־פּרעסער. וואָס איך האב זיך מיט מיינע אויגן אָנגעזען בא אונזערע אידעלאַך אין מיין צייט וואָלט מען געמעגט אין א מעשה־ביכל אריינשטעלן! געזען האָב איך, כלאַפּצעס, ווי נאָכן פּריאָם זענען באַהאַלטענע, ווי קראַטעס, פון דער ערד ארויסגעקומען; בלינדע האָבן ווידער אָנ־געהויבן צו זען, טויבע זענען הערנדיק געוואָרן און שטומע האָבן אָנגעהויבן ריידן. א קשיא אויף א מעשה, ווער ווייס? אפשר ווערן טויטע לעבעדיק?

ערשטער כאפּער

ווארום, וואָס מיינסטו צו טאָן וועלוועל?

וועלפקע

טשאָרט איך זניי! כ'וועלער, שאַדט ניט א קוק צו טאָן?

חיה־שרה

(אין מיטן קלאָגן) דו וועסט ניט סמייענען, רוצח! ניט גע־נוג דיר איבערענטפערן אידישע קינדער אין גוי'ישע הענט, וועסטו נאָך קריכן מיט דיינע טריפ'ענע לאַפּעס צו א ברמינן, א טייערן! (מיט א שרעקלאכן יאָמער־קול) אָי, גאָטינקע, איז דאָס נאָך מיין מאָס ניט געווען פאַרפול, אַז דו האָסט די שדים אויף מיר אָנגע־שיקט? אָי, א גרויסער קלאָג איז מיר געשען!

באָבע רויזע

(הויבט אָן העכער צו קלאָגן).

ערשטער כאַפּער

זאב־וואָלף! ביזט, דאַכט זיך, אַ איד, ניט קיין נאַר, וואָס דראַפּעסטו זיך אַף גלאַטע ווענט? וואָס מאַכסטו זיך צום נאַרן?

חיה־שרה

צום נאַרן? אַ גזלן אין וואַלד וואָלט אַזוינס ניט געטאָן? אָי, ווי איז מיר!

וועלפקע

ווייבל! מוסר ניט! וואָס מען דאַרף טו איך און פאַר קיין ספּאָדניצע האָב איך ניט קיין פּחד. (אין אַ ווייכערן טאָן) פאַר־שטייסט?

ערשטער כאַפּער

זאב־וואָלף! הער מיך אויס! איר, ווייבל, שרייט ניט אַזוי. לאָזט אַ מענטשן ריידן. אָט ווי דו זעסט מיך דאַ, ברודער־לעבן, וואָלט איך גיכער אין פייער שפּרינגען, אין אַ פּוסטע חורבה נעכ־טיקן מיט די ניט־גוטע אָן אַ מזוזה, — אַלץ, הערסטו? אַלץ, גי־כער איידער זיך לייגן אַף דער ערד אונטער אַ מכסה, מיט ליכט ארום זיך, מיטן גאַנצן מעבר יבוק, אַף דעם אופן!

צווייטער כאַפּער

(וועלפקען אין אויער) און זע נאָר אָן אַ ביסל די אַלטינקע מיט דער אַלמנה. דאָס איז ניט געמאַכט, ר' וועלוועל... דאָס איז... פאַר איין גוט וואָרט הויב איך אַליין אָן כליפּען.

וועלפקע

נו, אַז צוויי זאָגן שכור, מוז דער דריטער זיך לייגן שלאָפן... הגם נסים, כלאָפּצעס, געשען אין נאַבאָרן: האָב זיך ניט נעכטן פון איי ארויסגעקאַלופּעט און וועלוועל־חנה־ציפּעס האָט עפּעס גע־זען און געהערט, אָנגעזען זיך און אָנגעהערט זיך... אין זיין צייט. גיט אַ שמעק טאַבאַק, ר' קרוב! (דער ערשטער כאַפּער גיט אים) און אָנגעשמעקט זיך האָבן מיר אויך זינט מיר זענען פון די ווינ־דאַלאַך ארויס... ניט ליאַדי נאָז איז אַ שמעקער, ר' קרוב!

חיה־שרה

אָי, ווי איז מיר! וואו ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט

דרשה'נען, דער ימח־שמו'ניק ! אָי, ווי איז מיר ! ווינד איז מיר !

ערשטער כאפּער

טאָקע אזוי, ר' וועלוועל, פאר אייער מענה־לשון איז דאָ ניט דער אָרט. איר, ווייבל, דארפט פונדעסטוועגן, בושה האָבן פאר אַן עלטערן. און הערצער האָבן מיר אויך. אייער צער אודאי גרויס... ווער פארשטייט דאָס ניט. האָב אליין ערשט פאר א יאָרן א טאָכטערל, ווי א בלום האָט דאָס געבליט, אפּן פלונגיאַנער בית־עלמין אוועקגעלייגט...

וועלפּקע

הייסט עס, כלאָפּצעס, וילך... מיר גייען ! הא ?

(ער און די כאפּערס גייען ארויס. חיה־שרה הויבט אויף דעם קאָפּ, הערט אָבער ניט אויף צו וויינען. באָבע־רויזע קלאָגט אויך ווי פריער. פייוועקע באם פענסטער דרויסן קוקט נאָך די כאפּערס און ווינקט צו חיה־שרה'ן. אַזוי פארגייען לערך צוויי מינוט. ענדלאָך בויגט זיך פייוועקע איין און גיט א ביל).

וועלפּקע

(באווייזט זיך ווידער אין טיר) כ'לעבן ער איז גערעכט, דער גוי, דער בעל־עגלה אונזערער ! וואָס הייסט דאָס עפּעס אוועק־גיין גאָר מיט ליידיקן ? שייך איז דאס אין מיכאל'ס שטוב ניטאָ א פלעשל אָדער צוויי... און אַז געשטאָרבן איז וואס ? א שנאַפּס מאכט חברה־קדישא אויך. (פאר זיך) א רחמנות אף די ווייבל איז שוין גאר א גרויסער, אָבער, קודם (אין דער הויך, מיט א נארישן שמייכל) קודם, ווי זאגט יענער ? „אז מען שטארבט ווען מ'איז יונג איז אף דער עלטער ווי געפונען". און קהל'ס גומען איז טרוקן. נו, מאכט ניט קיין שהיות ! א זופּ אהער, און טאָקע א פייערדיקן, עפּעס אזוי א... פינף און ניינציקער !

חיה־שרה

(מאכט זיך ניט הערנדיק און קלאָגט אַן אַן אויפער).

באָבע רויזע

זופן זאלט איר סם, איר, בייזע העלזער ! ווײ איז מיר ווײ איז צו מיינע אלטע יאָרן... דא ליגט א ברמנן אף דער ערד (חיה שרה דערלאנגט א היסטערישן געשריי) און זיי, די טייוואָלים, די רוחות, די כת־ליצנים, די... די... פארוועלט זיך משקה... אָי, א גרויסער קלאג צו אייך !

ערשטער כאפער

(קומט אונטער) זאב־וואָלף, ניט שיין כ'לעבן ! אגב ווערט שוין פינצטער. לאָמיר זיך זעצן אויפן פור. קום !

וועלפקע

מילא, גייט מען ! איר, אלטע מכשפה, שילט ניט, איר הערט ?

ערשטער כאפער

קום, קום ! מיט וועמען ער שטעלט זיך דא ווערטלען ? האָט זי געשאָלטן ! א פארביטערט הארץ... און, אגב, ווי זאָגט מען ? פון מויל אין בוזים אריין איז נענטער. קום, ס'ווערט שפעט.

(זיי גייען ארויס. חיה־שרה הויבט אָן נאָך שטארקער צו קלאגן. פייווקע קומט נענטער צום פענסטער. לאָזט פון חיה־שרה'ן ניט אראָפ די אויגן, אליין שוין פול מיט טרערן. חיה־שרה דערזעט אים און ביסלאכווייז ווארפט זי אריין א ווארט קלאגנדיק. פייווקע פארשטייט איר).

חיה־שרה

אָי, ווײ איז מיר ! אָי, דו פינסטערער מזל מיינער, וואָס ווערט דאָ היינט פון מיר ? אָי, פייוועלע, די הארץ זאָגט מיר די שדים קערן זיך נאָך אומעט !

(מאכנדיק מיט די הענט גיט ער איר צו פארשטיין, אז ער הויבט

פייווקע

אָן צו בילן אויב זיי ווייזן זיך ווידער).

באַבע רויזע

חיה־שרה׳לע !

חיה־שרה

וואָס ווילט איר באַבעניו ?

באַבע רויזע

איך ? וואָס איך וויל ? וואָס זאָל איך וועלן ?

חיה־שרה

האָט איר מיר ניט גערופן ? אָי, ווי איז מיר !

באַבע רויזע

איך ? האָ ? יע... צוטומעלט איז דער מח מיינער, דער אַלטער ! עפּעס... געוואָלט האָב איך... אָי, ווי איז אונז אַלע־מען, הער !

פּייווקע

(לאָזט זיך אַראָפּ און טוט אַ שטילן ביל אין צימער אַריין).

חיה־שרה

שווייגט באַבע, זיי קומען צוריק אַהער ! (זי און די באַבע קלאַגן ווייטער אָפּן קול, און ווערטער).

פּייווקע

(אין טיר) איצט, חיה־שרה, ריידן זיי מיט מיר. ענטפער זיי דו גאָרניט. איך און בורדיוק וועלן זיך מיט זיי ספּראַווען, האָב קיין פּחד ניט.

חיה־שרה

(אַליין קלאָגנדיק) פּייוועלע זע, לאָז בעסער דיינע איבערגיין. מאַך ניט קיין מהומה און... טאָמער ווילן זיי קאַריק אַריינקומען אַהער, לאָז זיי... זיינען זיי נאָענט ?

פּייווקע

האָבן זיך אָפּגעשטעלט. עפּעס זיינען זיי זיך מישב. איין כאַ־בער ווייזט מיטן פינגער אָפּן קרעטשמע. בורדיוק, בורדיוק ! (דער הונט הויבט אָן צו בילן).

באָבע רויזע

פּייווקע, גזלן, טרייב אוועק דעם כלב דיינעם... דאָ ליגט א בר־מינן און... און איין וואָרט מ'בילט! ווי איז מיר!

חיה־שרה

(אַלץ קלאָגנדיק) רחמיאַל'ינקע, נאָך אַ ווײַלע וואַרט, מיין טייערער! אָי, ווי ביטער און פינסטער איז מיר היינט! ריר זיך ניט, טאָמער קערן זיי זיך אום'עט!

פּייווקע

בורדיוק! (באַם פענסטער באַווייזט זיך וועלפּקע) וואָס שוין ווידער?

## פערטע דערשיינונג.

וועלפקע

(אין טיר) דו, קליין כארמאגאי, בושה פאר אן עלטערן! וואָס פאר א ליארעם די ווייבער מאכן! הער־זשע! ווי ווייט איז פון דאנען צו סטאראָלופקע?

פייווקע

גוט צען וויאָרסט.

וועלפקע

איז דער בריקל איבער אָזערע נאדיאָזשנע? 91)

פייווקע

איר רעדט ווי א נאטשאלניק.

וועלפקע

אונזער בויד איז א שווערע? איז זיכער?

פייווקע

נעמט דעם אנדערן וועג.

וועלפקע

וואָסערן?

פייווקע

פארביי מיין טאטנס מיל, פאזע וואלד, ארוף־בארג, צו פאן טארקעוויטש'עם מאיאָנטיק צו.

וועלפקע

איז דאָס פיל ווייטער ווי יענער וועג?

---

91) זיכער.

פייוועקע

איר לייגט אויף אַ וויאַרסט דריי־פיר.

וועלפקע

און דער בריקל, זאָגסטו, איז ניט זיכער?

פייוועקע

איך זאָג? איך זאָג גאָרנישט. אַליין רעדט איר, אַליין ענטפערט איר זיך.

וועלפקע

אַ הינטישע מויל אַ ביסל! ווען ניט דיין טאַטע, וואָלסטו בא מיר געכאַפּט אַ פּאָר פלאַמפּייערדיקע פּעטש... די אויגן וואָלטן דיר פון קאָפּ אַרויס, חצוף דו איינער.

פייוועקע

(מיט אַ קוק צו חיה־שרה'ן צו) לאָז מיינע איבערגיין.

(וועלפקע גייט אַוועק, פייוועקע קוקט אים נאָך).

היה־שרה

טאַטע אין הימל, ווען דאָס גאָר קיין סוף ניט נעמען? אָ, ווי איז מיר!

פייוועקע

„ האַלט אָן, חיה־שרה'לע! דער שוואַרץ־יאָר וויים זיי... זיצן דערווייל נאָך ניט אַלע אין פור. האַלט אָן, דיין קול דערגייט ביז דאָרטן... טאָרסט ניט אויפהערן קלאָגן... זיי זעצן זיך. וואָס איז דאָס? אַ נייער 'שוואַ־דעת! איינער פון זיי קריכט צוריק אַראָפּ פון וואָגן. גייט אַהער!... (חיה־שרה הערט אים ניט). , בורדיוק! בורדיוק!

(טוט אַליין אַ ביל אין פענסטער אַריין).

ערשטער כאַפּער

יונגער בוים! גיט אונז אַ לאַכטערנע. האָבן דאָ אומזיסט און אומנישט אַרום אייך געפּאַדעט, צו אַלדי שוואַרץ יאָר, אין

דערווייל איז שפּעט געוואָרן. ווען אויך לענגער ווי גערעכנט. וועלוול חכם! קאָב ציבע פּאַראַליץ! 92)

פּיווקע

באָבע רויזע! באָבוניו!

באָבע רויזע

וואָס אי?

פּיווקע

איז דאָ אַ לאַמטערנע אין שטוב?

באָבע רויזע

וואו? אין שטוב? אַ לאַכטערנע? דאַכט זיך אַז יאָ.

פּיווקע

וואו'ז עס? וועל גיין זוכן.

באָבע רויזע

צו וואָס דאַרפסטו אַ לאַכטערנע?

פּיווקע

ניט איך דאַרף, דעם איסבאָרטשיק'ס 93) מענטש דאַרף. וואו? זאָגט וואו? גיכער, באָבוניו!

באָבע רויזע

זע, זע, אָנגעשפּאַרט, האַ? וואַרט, וואַרט, כ'על ברייננגען. אַליין וועל איך ברייננגען. אביסל אָנגעשפּאַרט! כ'גיי.

(זי גייט לאַנגזאַם, וויינענדיק, אַרויס פון צימער).

כאַפּער

הער יונגער בוים! נענטער אהער קום! (פּיווקע בלייבט פון דרויסן באַם פענסטער) נו, איז רעכט אַזוי! הער־זשע!

פּיווקע

נו, רעדט שוין, רעדט!

---

92) זאָל דיר אָפּנעמען הענט און פיס (ווערן פּאַראַליזירט).

93) דער ממונה איבער די כאַפּערס (פון רעקרוטן).

כאפער

זי ליאַרעמט, נעבאך, אזוי! א גרויסער וואויל־לערנער געווען, רחמיאל, ניין?

פייוועקע

געווען, געווען.

כאפער

דער באָברויסקער חריף! געהאַט א שם, ניין?

פייוועקע

זי וועט דאָס ניט אויסהאַלטן.

כאפער

לאַנג נאָך זייער חתונה?

פייוועקע

הערט, שטאַרבט א ווייבל פון שברי־לב?

כאַפער

טרעפן קען אַלץ. דו ווייסט. אַזעלכע ווי אים איז גאָר א שאָד אָפּצוגעבן פאַר א זעלנער, באַ מיינע אידישקייט! נאָר ווער איז שולדיק? מיכאל אליין. האָט גענומען קהל אַף זיכער... א שטיינער זיין רחמיאל'ן וועט מען זיך ניט אָטוואַזשען צו נעמען. א יחסן, א למדן, א זיידענער יונגערמאַנטשיק. גראָבער יונג, רייך ווי קרח. דאַרף ניט קיין אָבוואָטניק. מ'וועט זיין איידים ניט סמייענען צו נעמען. קאָב ציבע פּאַראַליץ!

פייוועקע

און, ר' איד! הערט! אַז, הייסט עס, מען שטאַרבט פון שברי לב איז דאָס, הייסט עס, טאַקע פּלוצלונג און געשטאָרבן? אָדער?...

כאַפער

פרעג מיר א גרינגערע זאך. ער, עליו השלום, הער איך, איז געווען גאָר פון גרויסע מיוחסים, געקנאָטן און געבאַקן פון רבנים, זאָגט מען, מער נישט פון אָרעמע עלטערן. פאַלט דאָס אַזוינער אריין צו א ישובניק, א גראָבע פּוזע, אין די הענט.

פייוועקע

זאָגט איר, מען נעמט און מען שטאַרבט! האַ?

כאַפּער

וואָס דולסטו א מוח? (אריבערקוקנדיק צו חיה־שרה'ן) און דאָס הערט ניט אויף צו קלאָגן. א גרויסער רחמנות, ווי דו זעסט מיך א אידן. הער, יונגער בוים, זי, די אלמנה, משמעות, זייער א געלערנטע, ניין? קלאָגט, דאַכט זיך, מיט פּסוקים, ניין?

פייוװקע

און דיר־נישט—מיר־נישט טוט... עס נעמט אָן אַן אימה. (אין א נידעריקערן קול) זי איז א געלערנטע. מער געלערנט פאַר אונז אלע ביידע. א בת־יחידה, פאַרשטייט איר, א מלמד פאַר איר געהאלטן. עפּעס א שפּאַס חיה־שרה'לע!

כאַפּער

רו ווייסט? עס פאַרנעמט פאַרן הארצן ווען מ'הערט א יונגע ווייבל אזוי קלאָגנדיק, נאַש בראַט איז דאָך צו יללות געוואוינט, מעלדיך, אָבער... אי, זאָמט זיך די באָבע...

פייוװקע

און, ווייסט איר? זי האָט אייך כח, האָט זי! און פלינק איז זי אייך! לויפן, שפּרינגען, טאַנצן! מיט ליכט צו זוכן, אויגן אויסצוקוקן, אזוינע געפינט איר ניט פון סאַט ביז ריטעװע, פּע־טער!

כאַפּער

די לויה וועט מסתמא זיין מאָרגן פרי, ניין?

פייוװקע

(שאָקלט אומבאַשטימט מיטן קאָפּ).

כאַפּער

בלי נדר! אויב מיר פאָרן דעם וועג קאַריק פון סטאַראָלופּקע, קום איך צו דער לויה. הערסט? איך קום, ווי דו זעסט מיך א אידן!

(עס דערהערט זיך פון ווייטן וועלפּקע'ס קול, אומגעדולדיק און אין כעס שרייענדיק: „נו...?“)

כאַפּער

(שרייט צוריק) מי'ז געגאַנגען נאָך א לאַכטערנע. (צו פייװור־קען) אי זאָמט זיך די אלטע? א יאָר א ריר! שיק אזעלכענע, ווי דער

ווערטל גייט, נאָכן מלאך המות, וואָלט רחמיאל געלעבט און גע־לעבט... אהאָ! אָט איז זי און שלעפּט אַ לאַכטערנע און אַ רעכטס. אָבער אַ גאַנג אַ ביסל!

(וויל צוגיין נעמען די לאַמטערנע).

**באָבע רויזע**

(אין אַ וויינענדיקן קול ווי פריער) כאַפּ ניט! וואָס אי דאָס פאַר אַ בייזע איילעניש אַף דיר? פאַרן כאַפּן גיט מען באַ לייטן איבער די הענט. אָי, ווי איז צו מיינע יאָרן!

**כאַפּער**

גיט באָבע, מאַכט ניט קיין שהיות!

**באָבע רויזע**

גיט? וואָס הייסט גיט? וואָס פאַר אַ מחותן זייט איר צו דער לאַכטערנע? פיל אַף איר די בויך אייך ווייגעטאָן? גיב אים?! אָי, אַ חורבן אַ גרויסער!

**פייוועקע**

גיט אים, באָבע! ניט איצט איז די צייט זיך צו רייסן מיט זיי.

**באָבע רויזע**

ווער רייסן? וואו רייסן? אָי, אַ חורבן אַ גרויסער (צום כאַ־פּער) נאַ־דיר, אָבער ברענג עס צוריק, דו הערסט? אָי, אָי, אָי! אַלע ביינער ברעכן מיר. חיה־שרה, מיין קינד! וועל גיין זיך צו־לייגן אַ ווײַלע.

(גייט לאַנגזאַם אַרויס, מיט אַ שטילן געוויין).

(דער כאַפּער האָט גוט באַקוקט די לאַמטערנע, האָט זיך באַ־וואָרנט אַז ער האָט שוועבעלאַך; גייט אַרויס. פייוועקע קוקט אים נאָך מיט אַן אָנגעשטרענגטן בליק. אַ קורצע פּויזע).

**פייוועקע**

חיה־שרה׳לע, זיי זעצן זיך שוין אַלע אויס אַפן פור. אַלע, דער איד מיט דער לאַכטערנע קריכט אויך אַריין! (ער ציט אַפּ דעם אָטעם) אַ, אַ סוף, אַן עק! פּטור פון זיי!

חיה־שרה

(צום ערשטן מאָל אין איר געוויינלאכן קול) אוועק, די מלאכי חבלה! געלויבט זיין הייליקער נאָמען דערפאַר. איצט, וואַרט, פייַ־וועלע! קוק אַרויס אַפּן וועג... זיי קענען נאָך, חלילה, צוריק־קומען. אַף זיי אַ קשיא! וואו איז סטעפּאַנקע?

פּייוועקע

ער מוז זיין אַפּן וועג. וויל אויך זיין זיכער, אַז מיר זענען פּטור פון זיי.

(עס הערט זיך ווי אַ וואָגן טוט אַ סקריפּע און דער קנאַל פון אַ בייטש).

חיה־שרה

(צום מאַן צו) רחמיאל'ינקע, נאָך עטלאכע מינוט ליג אַזוי. ריר זיך ניט פון אָרט. מ'דאַרף זיך אַף אַלץ ריכטן מיט אַזעלכע טייוואָלים. (ווערט אַלץ אויפגערעגטער) נו, פּייוועלע?

פּייוועקע

(פון יענער זייט פענסטער) אוועק, דאַכט זיך, אוועק. איצט שוין מיט אַלעמען. הער, חיה־שרה, דער כאַפּער וואָס איז צוריק־געקומען נאָך דער לאַכטערנע....

חיה שרה

(אין אַ נייעם שרעק) יע... יע!

פּייוועקע

קלייבט זיך אַהער מאָרגן פרי. וויל זיין באַ דער לויה. מאָרגן טאָר דאָ אין הויז קיין שריד ופליט ניט בלייבן.

חיה שרה

פאַרשטייט זיך, וואָס איז דאָ וואָס צו רעדן! היינט אויך ניט. ניט דאָ אין שטוב... אפשר באַ אייך אין מיל... לאָז נאָר גוט פינסטער ווערן. (צום מאַן צו) רחמיאל, זיסינקער מיינער, נאָך איין מינוט! אפשר אַ האָרעלע לענגער. בעסער פאָרזיכטיק זיין. איך לויף אַרויף אַפּן בוידעם, וועל צורעכט מאכן אַ געלעגער, טאָ־מער מוז ער דאָ פאַרט נעכטיקן היינט. (זי גייט אַרויס).

פייווקע

(רופט דורכן פענסטער) רחמיאל, רחמיאל! האָט ניט קיין מורא, ענטפערט; זיי זענען אוועק! ווי איך בין א איד — אוועק! אביסל איינגעשראָקן! ער ענטפערט ניט. (שפּרינגט אריין דורכן פענסטער) לאָמיך א קוק טאָן...

(רייסט פאַנאַנדער די גאַרדינען. אַף דער בינע איז דונקעלער געווארן: איין ליכט איז אויסגעגאַנגען. מען זעט רחמיאלן אַף דער ערד).

רחמיאל! רחמיאל! קיינער ניטאָ, קיינער ניט! אוועק מיט א נאַז. געוואָלט בייקומען חיה־שרה'לען, ניט דערלעבן עט איר'ס! שטייט אויף, רחמיאל, שט... אָט איז זי אליין.

חיה שרה

פייוועלע! איצט פארשלים טיר און טויער! ווארט, אכ'ל אליין ארויסלויפן א קוק טאָן. (לויפט ארויס און קומט באלד צוריק) גאָט צו דאנקען, ארויס פון סכנה.. זעט זיך קיינער ניט. פון יענער זייט, צו האַלאַזעם צו, הערט זיך א בייטש. געווייס א ברישקע. א פריץ פאָרט. און אפשר... קלערסט, זיי קענען אונז אָפּטאָן א שפּיצל און זיך אומקערן טאקע, ווען מיר מיינען אז מיר זענען... שוין גאָר ארויס פון זייערע לאַפּעס? לאַז. אָבער מיר זאָגט דאָס הארץ אז ניין. לאָז שטיין א שטול באם פענסטער. כ'וועל ארויסקוקן דורכדעם... דורך די לאָך אין לאָדן... (פייווקע פארמאכט דעם לאָדן און שטעלט צו א שטול) אָט אזוי! דעם פענסטער לאָז איין העלפט אָפן! טאָמער דארף מער האָרכן. איצט פארשליסן די טיר. (זי שליסט צו) זע נו, פייוועלע, ווי ער פירט דאָס קלוג דורך זיין זאך! חכם מיינער, קיין ריר ניט, קיין פּיפּס! קלערט, זיי קענען נאָך אפשר צוריקקומען... ניין, ניין! (ווינט זיך פאנאנדער) איצט ווייז איך פאר שמחה... פאר שמחה, רחמיאל'ינקע! קלוג ביזן סוף, טאקע וואו תורה איז חכמה. (גייט אריין צו אים).

פייווקע

אָט, וועק אים טאקע דו אליין. איינגעשלאָפן, ניין?

(אין דעם אויגנבליק הערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר. חיה־שרה שפּרינגט צוריק אַרײַן אין צימער, ניט טויט, ניט לעבעדיק).

חיה שרה

צוריק! טאַטע בארמהאַרציקער!

פייוועקע

(שטעלט זיך אַפּן שטול).

חיה־שרה, דאָס איז סטעפּאַנקע.

חיה שרה

(שפּייט אוים) טפו זאָל דאָס ווערן! מער ווי ד ע ר שרעק האָט מיר ניט געפעלט.

פייוועקע

האָרך! ער רעדט מיט עמיצן. חיה־שרה'לע! מיכאל! דײַן פאָטער!

(ער עפנט אויף דעם לאָדן, עס דערהערן זיך שטימען פון דרויסן).

סטעפאנקע'ס קול

קראַנק, זייער קראַנק, דאַ, דאַ!

מיכאל'ס קול

אַ שיינע חתונה האָט איר דאָ מיר אָפּגעשפּילט.

חיה שרה

(צו פייוועקען) ער איז נאָך געהעכט.

מיכאל'ס קול

מ'האָט געדאַרפט אים לאָזן נעמען. צום פּריזאָם נאָך ווייט. נאָך עטלאַכע וואָכן. וואָלט געקענט אים אויסקויפן. אפשר וואָלט מען אים גאָר פאַרבראַקירט. אין סלוזשבע דאַרף מען מענטשן, יונגען מיט ביינער, פלייש און בלוט און ניט אַ שלים־מזל'ניק ווי מיין איידעם, קוים וואָס ער לעבט, אַ נעבעכל, קאַי און שפּאַי. זאָל ער מיר מוחל זיין! איז ער טאַקע זייער קראַנק?

סטעפאנקע'ס קול

אָפּפּאַסנאָ 94) קראַנק.

מיכאל׳ס קול

שפּאַן ניט אויס דעם פערד. לאָמיר אים אַריינפירן אין שטאַל. וועל אַרויסנעמען מיינע זאַכן. האָב אַ סך פּאַקופּקעס. דעם פערד לאָז שטיין. אפשר דאַרף מען אַ צירולניק אָדער אַ דאָקטאָר...

(גייט אַוועק מיט סטעפּאַנקען).

חיה שרה

האָט געלוינט צו האָרכן. שנעל צוריק צו רחמיאל׳ן! טאָמער קלאַפּן זיי איידער איך ברענג אַריין רחמיאלן אַהער, עפן אויף. איצט מעג אפילו וועלפקע צוריקקומען. (זי לויפט נאָך אַמאָל אַריין הינטער גאַרדין) רחמיאל, רחמיאל׳ינקע, איינגעשלאָפן? (אַ קורצע פּויזע, דאַן שרייט זי אויס אין גרויס שרעק) געחלש׳ט! פּייוועלע, ער האָט געחלש׳ט! גיך וואַסער! עסיק! העלפט מענטשן!

פּייוועקע

(בלייך ווי קאַלך).

כ׳לויף!

חיה־שרה

רחמיאל׳ינקע, זיסינקער, ענטפער מיר! ענטפער דיין חיה־שרה׳לען! האָב רחמנות אַף מיר! אָי, ווײ איז מיר! אָבער וואַרט, מיין טייערער, מיר׳עלן דיר אָפּמינטערן! אַ קליינינקייט אַביסל אַזאַ שרעק! (פּייוועקע קומט אַריין מיט וואַסער) וואו איז די עסיק? גיך, גיך, ווי נאָט איז דיר ליב!

פּייוועקע

וואו האַלטסט עס?

חיה שרה

אויבן, דאָרטן. אָפן פּאָלקע, באַם באַק־אויוון. אַ גאַנצע פלאַש. אַ גרינע, גיך.. (שפּריצט איין רחמיאלס פּנים מיט וואַסער). גוּ־טינקער, רייד, ענטפער מיר; זײ זענען שוין אַוועק. איך נאָר דיר ניט, אַוועק, אַוועק! גאָט אין הימל, ווער ווייס ווילאַנג ער ליגט

94) געפערלאַך.

שוין אזוי א געחלש׳טער! (פייווקע ברענגט אריין די פלאש עסיק) אהער, אים איינרייבן די שלייפן. אט אזוי! אבער וואַרט, לאָמיר אים ארויפהייבן אפן שלאָבאַנק. מיטן באנק מיט אלעמען ברענגען מיר אים אהער. עפן דעם פענסטער. (זיי טוען אזוי) און געבן אים מער פרישע לופט.

(עס הערט זיך א קלאפ אין טיר).

פייווקע

דיין פאָטער קלאַפּט.

חיה־שרה

לאָז ער קלאַפּן... (שרייט היסטעריש צום פענסטער צו) א ווייטע וואַרטן מוזט איר, וואַרטן! וואַרטן! — איצט איז אים גוט איינרייבן מיט עסיק! (זי נעמט אָן זיינע הענט, רירט זיך צו זיין פנים און שרייט אוים) ק—אַלט! וואָס? ס׳קען ניט זיין! ניין, ניין! פייוועלע, גיך א פעדער אהער. פון קישן, גיך! גיך! אי ווי איז מיר!

(זי פּרובירט באַהערשן איר שרעק און רעדט אין אן איינגעהאַלטענעם, האַלב־דערשטיקטן קול).

אפשר... אפשר... ווער ווייס ? פייוועלע, נו?

פייווקע

(קומט צוריק מיט פעדערן אין דער האַנט)

ניט שרעק זיך, חיה־שרה׳לע! מיר׳ן אים אָפּמינטערן, מיר׳ן אים אָפּמינטערן. וואַרט! ניט שרעק זיך.

מיכאל׳ם קול

(הינטערן פענסטער).

סטעפּאַנקע, דאָרטן בא חיה־שרה׳ן איז אן אומגליק געשען! ניט קלאַפּ! זי וועט אונז באַלד אליין אריינרופן.

חיה־שרה

(פּרובירט אַרויפלייגן א פעדער אַף די אויבערשטע ליפּ; איר האַנט טוט א ציטער און די פעדער פאַלט אַרוים פון האַנט בא איר).

קען ניט! פייוועלע, פּרוביר דו, קום אהער.

פייוקע

(צולייגנדיק אַ פעדער).

אָט, אָט, איך לייג צו. שרעק זיך ניט, חיה־שרה'לע.

חיה־שרה

(שטייט איינגעבויגן איבער רחמיאלן, מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און באַטראַכט מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג די פע־דער. אַ מינוט פויזע. פּלוצלונג ברעכט זי אויס מיט אַ דער־שטיקטן געשריי).

קיין אָטעם ניט! קיין — אָטעם — ניט! ק—קיין אָט—עם ניט! טויט! טויט פאַר שרעק!

פאָרהאַנג.

# פּערזאָנען:

מיכאל גריץ

שטאַרק געעלטערט, גרוי, געבויגן און קרענקלאַך.

חיה־שרה

זיין טאָכטער, אויסגעבלייכט, מיט בלויע פּאַסן אונטער די אויגן, זעט איצט אויס ווי אײנע, וואָס ליידט פון האַלוציִנאַציעס.

פייוול מעלניק

אַ שטומע ראָלע.

ירוחם

אַן אָרעמאַן אַ יאָר פופציק אַלט, מיכאל'ס אַ ווייטער קרוב.

סטעפּאַנקע

כלי־זמרים, געסט, אינגלאַך אַרום דער חופּה—הינטער סצענע.

---

(אַלע זענען יום־טוב'דיק אָנגעטאָן. — חיה־שרה, געקליידט צו גיין אונטער דער חופּה, טראָגט שוין דעם דעקטוך, מער ניט אַריבערגעוואָרפן איבערן קאָפּ. — ירוחם האָט שטענדיק זיין טאַבאַקערקע אין דער האַנט).

---

סצענע: אַ מאָדערנער מעבלירטער גרויסער צימער אין קאַוונע אַפן „בייעם פלאַן". אַ טיר אין צענטער מיט אַ פענסטער פון דער זייט. אַף איין וואַנט אַ זייגער, אַף דער אַנדערער אַ קאַלענדער אין אַ הילצערנער רעמל מיט באַוועגלאַכע דאַטן.

## ערשטע דערשיינונג

סטעפאנקע

וועט מען שטיעלן חופה דא אין הויף?

ירוחם

(קרימט אים איבער בייזערהייט) שטיעלען, שטיעלען, דא בא אונז שטיעלען!

סטעפאנקע

דו, בראט, ניט דארפסט מיר איבערקרימען. מיר, א קליין אינגעלע, מאליוטקא, פאנימאיעש, אין סאלדאטן אפגעגעבן. פון ערשטע קאנטאניסטן, גיעוועזט, פיפאוטשוואנטשיק יאר מי־קאלאיען געדינט. קיין אידיש ווארט געהערט. דאס אי זשיך איצט רעדן אויסגעלערנט; אין מיכאל'ס הויז, ווסיא באלשע 95). איבערקרימען ניעזאטשעם! 96)

ירוחם

ווער קרימט? וואס קרימט? גלייך, טי מענע רוגאל! 97)

סטעפאנקע

אי נאפראסנא, בראט 98), בייזערסט זיך.

ירוחם

בייזער זיך; נאכשאל זאל איך זיך בייזערן? אפן הארצן קא־לאמוטנע, ווייטער גארנית.

---

95) אלץ מער.

96) ניטא פארוואס.

97) דו האסט מיך געזידלט.

98) אומזיסט, ברודער.

סטעפּאַנקע

ניט באַ דיר אַליין בראַט. מיכאַאיל דאווידאָוויטש אין כעס, און חזן דאָ געוויעזט, וואָט קאַטאָרי דאַרף... דו ווייסט דאָך...

ירוחם

יע, יע. דאַרף דאָ מסדר קדושין זיין.

סטעפּאַנקע

אַ וואָט־וואָט־וואָט! איזש אים אויך ווסטרעוואָזשעט 99) זאַטיעם 100) חתן אַליין נאָז אַראָפּגעלאָזט. אַ חיה מיכאַילאָוונאַ זי זעט אויס ווי אַ באַגיימע 101) אין באָינע אַריינגעיים.

ירוחם

ער, אונז אַלעמען צו לענגערע יאָר, איר ערשטער געוועזן, פאַרשטייסט, אַ...

סטעפּאַנקע

וואָס ער געוועזן, בראַט, דו דאַרפסט מיר ניט ראַספּיסע־וועז 102). וויים איך אַליין.

ירוחם

מיין איך, פאַרשטייסט, אַז נאָך אים, אונז אַלעמען צו לענגערע יאָר, דעם גרויסן וואויל־לערנער, דעם יחסן, דעם זיידענעם יונגען מאַנטשיק, אַז מען איז איר מכבד מיט אַ בחור ווי דעם מילנערס זון. נו, וואָס איז דאָ צו רעדן, טוט טאַקע וויי דאָס האַרץ אַפּילו מער ניט צוצוזען. נעם אַ שמעקטאַבאַק. (גיט אים).

סטעפּאַנקע

דאָס, בראַט, ניע בעדאַ נאָך 103). פּייווקע מאָלאָדיעץ, זאָג איך דיר. און שכל זיך אָנגעקלייבט אין די דריי יאָר זינט רחמיאל ניט געוואָרן. גאַנץ אַנדערי מיענטש היינט פּייוול, ניע טאָ־שטאָ

---

99) באַאומרואיקט.

100) דערנאָך.

101) בהמה.

102) אָפּמאָלן.

103) דאָס ברודער איז נאָך ניט קיין אומגליק.

וואָס אמאָל גיווען. ארום קלוגע זיך געריבט, אין קניזשקעס (104 זיך געגראָבון.

ירוחם

מאלע־וואָ! צו ירחמיאלן קומט ער ניט. אַן אַנדער סאָרט!

סטעפּאַנקע

זנאיעם, זנאיעם! (105 נאָר דאָס, בראַט, ניע בעדאַ, שליעך איז וואָס חיה מיכאַילאָוונאַ, פּאַנימאַיעש, זי טראַך, אָז טיאַטיאָ אירי, סבאָרשטשיק וועלפּקע, זאטיעם איך אליין, זינדיק מענטש, א מער ווי אלע, זי מיט פּייוועקן אים, רחמיאלן, ציגעהרגעט.

ירוחם

ווי הייסט צוגעהארגעט?

סטעפּאַנקע

אייל׳, ווייסטו ניט ווי זיך דאָס געמאַכט?

ירוחם

ווייס איך — אָבער ניט אַף קלאָר.

סטעפּאַנקע

טאַק וואָט האָסט׳ס, בראַט, איז צוויי ווערטער. דאָס זיך גע־טראָפן דעם יאָר איידער, פּאָ פּריקאַזו יעוואָ וועליטשעסטוואַ (106, מ׳יט איינגעפירט אַזש אַלע, אַלע זאָל אין סלוזשבע גיין. טאַק וואָט האָזש מען אין אונזער פּאָוויאַט גידאַרפט גיעבען פון אידון זעקס אַ האלב דושי (107 און קהל געוואָרפן אויג אַף רחמיאלן אונזערן. מיכאל געזשאַלעוועט געלט האָט ער. איז אַוועקגעפאָרן בודטאָ (108 סחורה האנדלען, ביז איבערן נאַבאָר... האָט ניט געוואָלט אַן אָכ־וואָטניק קויפן פאַר רחמיאלן. געמיינט זיי וועלן ניט סמייען נעמען

104) ביכלאך.

105) מיר ווייסן, מיר ווייסן.

106) אַפן באַפעל פון זיין מאַיעסטעט.

107) נפשות.

108) כלומר׳שט.

זיין זיאַטיאַק 109), אַ בידיע־זשע מ'יט אים פּאַרט נעמען, וועט ער עם פאַרן נאַבאַר אויסקויפן...

ירוחם

דאָס איבעריקע ווייס איך... חיה־שרה האָט אים פאַרשטעלט פאַר טויט, באַפּערס קומען, גייען אַוועק מיט אַ נאָז, קערן זיך אום, גייען צוריק אַוועק, מחמת חיה־שרה האָט מער שכל אין פּיאַטע ווי זיי אין קאָפּ און ווען זיי זענען שוין ווייט־ווייט אַוועק, און זי, נעבאַך, קומט צום מאַן, וואָס זי האָט כלומרשט אַרויסגעראַטעוועט פון זייערע הענט, איז ער... ניט אין קיין אידישע הויז געדאַכט, אין אמת'ן טויט!

סטעפּאַנקע

טויט, פּאַנימאַיעש, פאַר שרעק! אַ וואָט, זאָגט זי, מיר אַלי... געוועלט זיין צו־קלוג, זנאַטשיט, און האָ'מיר רחמיאלן פאַר דער צייט, ווי זאָגט זי?

ירוחם

משמעות, אין קבר אַריינגעבראַכט.

סטעפּאַנקע

טאַק טאַטשנאָ! 110) אין קבר אַריינגעבראַכט. ראַזבאָיני־קי 111) אַלע, זאָגט חיה מיכאַילאָוונאַ.

ירוחם

חיה שרה, זאָגט מען! אַ אידישע טאָכטער, און נאַדיר חיה מיכאַילאָוונאַ! (אים איבערקרימענדיק) עפּעס ווי אַ גויה, להבדיל!

סטעפּאַנקע

ווייס איך, בראַט, פּריוויטשקאַ 112) אַזעלכע. ניעדאַראָם פּיפּ־אונטשוואַנטשיק יאַר מיקאָלאַיען געדיענט. נו, אַ חופּה, זאָגסט, מען שטיעלען דאָ?

109) איידים.
110) פּונקט אַזוי.
111) רוצחים.
112) אַ געוואוינהייט.

ירוחם

יע, יע! מ'וועט דאָס מאַכן קורץ און שאַרף. וואָס ווייניקער צערעמאָניעס, זאָגט מיכאל. אַן אלמנה, אַ שטייגער, ניט קיין מיידל, פאַרשטייסטו מיך, אַ צווייטער סדר.

סטעפאַנקע

אַ עטאָ שטאָ? 113)

ירוחם

ניט פאַר דיין קאָפּ... אָט איז ער אַליין.

113) וואָס איז דאָס?

## צווייטע דערשיינונג

מיכאל

(קומט אריין פארסאפעט, פארשמאיעט; זעט אויס קרענקלאך)

ווי פון פעך ציט זיך דאס... אלץ עסקים פאר מיר!

(נעמט צו א שטול פון לעבן טיש).

נויטיק ווי די אויג דארף מען דעם שטול דא. שטייט ווי א ביין אין האלז...

(שטעלט דעם שטול אוועק אן א זייט).

מיין חתן, ר׳ פייוול, פרעגט צי מען האט די כלה געדארפט באַזעצן... יענער, עליו השלום, וואלט דאס שוין געוואוסט. סטעפאן, גיי זע אויב די חופה קומט אהער.... (סטעפאנקע אפ) פיין אויסגעוואקסן דער חתן אונזערער, — פיין, סטאטנע, בלוט שפריצן פון די באקן. נו, וואס איז דא צו רעדן. אים צו לענגערע יאר יענער...

ירוחם

אים און אונז אלעמען צו לענגערע יאר! אבער ווייסט איר, ר׳ מיכאל, כדאיער יענעם היינט ניט צו דערמאנען. וואס די ערד דעקט צו, לאז זיין פארגעסן...

מיכאל

יע, יע, איר זייט גערעכט, ר׳ ירוחם. איך סטארעווע זיך אן אים צו פארגעסן די גאנצע צייט אט זינט דער שידוך איז געווארן. טאקע, וואס טויג דערמאנען דעם שכן... ווי זאגט איר — דעם שוכן...

ירוחם

דעם שוכן־עפר. דעם וואס ליגט שוין אין דער ערד ובפרט ווען יענער איז שוין טויט א קימא לן פון... פון

מיכאל

אַ יאָר דרייַ. דרייַ יאָר דעם קומענדיקן חשון. און איך לייען, דאַכט זיך, קריאַת־שמע מיט כונה, אָבער עס העלפט ניט און רק ער מישט זיך אַריין צווישן די מלאכים.

ירוחם

ווען איר זאָגט, אַ שטייגער, מימיני מיכאל. פון דער רעכ־טער זייט, מיכאל. אייער אייגענער נאָמען.

מיכאל

יע, יע. איז אָנשטאָט גבריאל רעדט זיך באַ מיר שטענדיק אַרויס רחמיאל, ניט צו זינדיקן מיט די רייד, און אפילו ווען איך בין ניט פאַרשלאָפן און איך חזר באַ זיך איין עטלאַכע מאָל פאַרן לייענען קריאַת־שמע: גבריאל, גבריאל, איז... זאָג איך מיט די לעפצן גבריאל און אין האַרצן טראַכט איך רחמיאל, ווי איר זעט מיך אַ אידן.

ירוחם

אָבער היינט טאָרט איר אַזעלכע רעיונות ניט האָבן. אייער בת־יחידה׳קעלע וועט היינט אין אַ גוטע, מזל׳דיקע שעה, אם ירצה השם, חתונה האָבן. קינדער און קינדס־קינדער וועט איר, מיט גאָט׳ס הילף, נאָך דערלעבן און... אַ שמעק טאַבאַק? (מיכאל נעמט אַ שמעק טאַבאַק).

מיכאל

הלואי, פון אייער מויל אין זיינע אויערן, ר׳ ירוחם. מיט יע־נעם האָט חיה־שרה׳לע קיין קינדער ניט געהאַט...

ירוחם

רק מיט יענעם. אָבער יענעם און ווידער יענעם. היינט גייט אַ נייע סדרה.

מיכאל

גערעכט, גערעכט! איר זייט אוודאי גערעכט, ר׳ירוחם! (ער פאַרטראַכט זיך) איין גאָט אין הימל ווייס, מיר האָבן אַלע קיין בייז ניט געמיינט: ניט איך, חלילה, ניט חיה־שרה׳לע, אפילו ניט וועלפקע ימח שמו... קיינער ניט, ווער האָט עפּעס צו אים

געקענט האָבן, דעם שיינעם תכשיט אונזערן. דאָס האָט דאָך אַ פּליג אַפּן וואַנט ניט געטשעפּעט. און, וואָס איז דאָ צו לייקע־נען...

ירוחם

פאָלגט מיך, ר' מיכאל. גלייכער....

מיכאל

לאָזט מיר אויסריידן, ר' ירוחם: ער וואָלט נאָך היינט גע־ווען פריש און געזונט, וואָל שווארצער יאָר מיר ניט פאַר־טראָגן אין האָצע־פּלאָצע.

ירוחם

און דאָ האָט זיך יונה־משה־לייזער'ם דאָס זייניקע געטאָן, ווער ווייסט דאָס ניט... אַ שנאה האָט ער אַף אייך געהאַט... נעמט אַ שמעק טאַבאַק, ר' מיכאל.

מיכאל

(נעמט מעכאַניש, נאָך טיפער פאַרטראַכט).

און ווען איך בין צוריקגעקומען אהיים, איז שוין געווען צו שפּעט. שוין געווען אַלץ, אַלץ אויס. געריסן האָט ער מיר, דער שווארצער, פינסטערער יאָר מיינער, זיך צו חכמה'נען מיט קהל, און דאָ יונה'קע משה לייזער'ס, אַ ניכפּה זאָל אים פאַרצאַפּלען, דעם ימח־שמו'ניק, ברענט פלאַמפייער, מחמת מיר האָבן זיין בנ'אָק פאַרבראַקירט. אָי, וואָלט'ס שוין נעמען אַ סוף! אַף איר אַ רחמנות. אַ האַלבע איז זי דאָך, נעבאָך, שוין געוואָרן. ווי אַ ליכטעלע גייט זי מיר דאָך אויס, די טאָכטער מיינע. און קיין מאַמען האָט דאָס ניט. אָט, אָט ברענגט מען די חופּה. ר' ירוחם, גיט אַ טראָפּעלע וואַסער קאַלטע. מיר איבלט, אַ האָרעלע. מיר'ן ניט גוט געוואָרן.

ירוחם

(טוט אַף אים אַ קוק) איך לויף, ר' מיכאל! (אָפּ).

(פויזע. דורכן פענסטער אינם צענטער זעט זיך ווי צוויי אינגע־לאָך טראָגן פאַרביי די חופּה־שטענגלאָך מיט דער חופּה. אין גרוים אייזעניש, מיט אַן אויסדרוק פון מיטגעפיל אַפּן פּנים, לויפט אין צימער אַריין סטעפאַנקע).

סטעפּאַנקע

קאָפּ טוט ווײ, כאָזיאַין?

מיכאל

יע, יע! היים זיי אָפּהאַלטן. מיטן שטעלן די חופּה. שרעק ניט איבער חיה־שרה׳לען, אָבער זאָג איר, מ׳וועט מוזן אַ האָרעלע וואַרטן מיט מקדש זיין. אַ האָרעלע צו־וואַרטן... וועט, מיט זיין הילף... הענט ניט געוואַשן, איבערגיין. אזוי זאָג איר, הערטס!

סטעפּאַנקע

לאַדנאָ!

(ער גייט האַסטיק אַרויס).

ירוחם

(מיט אַ גלאָז וואַסער אין דער האַנט).

טוט אַ זופּ, ר׳ מיכאל! (מיכאל טוט אזוי). אָט, אָט, אָט! אזוי איז גוט... אין גאַנצן טרינקט טאָקע אויס. ..

מיכאל

נו, גאָט צו דאַנקען, בעסער, אַ סך בעסער. ווער קומט? וואָס? חיה־שרה׳לע?

## דריטע דערשיינונג.

חיה שרה

וואָס איז דיר, טאַטע?

מיכאל

משמעות, מיר ניט פּאַליובעט. איבלקייט א האַרעלע. וועט איבערגיין.

חיה שרה

דו ביסט זייער בלייך. געשלאָפן די נאַכט?

מיכאל

ניט ווי, ניט ווי אין דערהיים. קען אין שטאָט קיינמאָל ניט שלאָפן ווי א מענטש. די וועגן, מיט די דראָנסקעס, מיט די וואַגזאַלן, וואָס פייפן און טראַסקענען באַגינען צו טאָג. און אגב...

חיה שרה

(מיט אינטענסיווער נייגיר).

יע, יע! און אגב?

מיכאל

(דערשראָקן) גאָרניט, גאָרניט. הערט, ר' ירוחם, גייט אריין, איך בעט אייך, צו חתנ'ס צד און זאָגט זיי, אז באַלד, באַלד, אין א מזל'דיקער שעה. א קליין ווײַלינקע מוחל זיין צו וואַרטן.

חיה שרה

(לאָזט אין אים אַריין די אויגן און רעדט מיט נאָך גרעסערער לײַדנשאַפט).

„און אגב" טאַטע?

מיכאל

און אגב, — נו, וואָס איז דאָ צו לייקענען? — שלאָפט זיך שוין לאנג ניט גוט.

חיה שרה

דיר ניט און מיר ניט, טאטע, זינט מיר האָבן רחמיאלן...

מיכאל

ניט איצט איז די צייט דערפון צו רעדן, מיין קינד. ניט איצט, ניט איצט.

חיה שרה

(אים ניט הערנדיק) זינט מיר האָבן אים צוגעהרגעט... און ווייסטו, טאטע? דאָס האָב איך איצט דעם ערשטן מאָל זיין נאָמען דערמאָנט. דעם ערשטן מאָל זינט יענעם אָוונט, ווען ער איז געשטאָרבן.

מיכאל

וואָס העלפט דער דערמאָנען? גענוג. דריי יאָר געווען אן אלמנה. דריי יאָר אָפּגעפּינסטערט. גענוג! און דערביי איז פייר־וועל דאָך אויך ניט אבי־וועער. ניט קיין ווילד־פרעמדער, פון קינדוווייז־אָן האָסט אים, דאכט זיך, האָסט אים...

חיה שרה

יע, יע, האָלד געהאַט. ווייסטו, טאטע, איצט עושט פאר־שטיי איך אַף קלאָר אלץ, וואָס אמאָל איז געווען, דעמאָלט מיין איך... האָב גענוג זינט יענעם טאָג געקלערט און געטראכט. דורך טעג און נעכט, טאטע, א חוץ דעם א שיין ביסל אין ביכ־לאך אריינגעקוקט. אלץ פארשטיי איך איצט. לאָז מיר רעדן. זינט איך געדענק זיך, איז מיר פייוועלע — פייוועקע דעם מיל־נער'ס פלעגן מיר אים אלע רופן — געווען אן אייגענער, א ברו־דער...

מיכאל

(צופרידן) יע, אודאי, אודאי!

חיה שרה

בעסער ווי א ברודער. מיידלווייז פלעג איך מיט אים ארומ־

לויפן, — לויפן איבער וועגן און שטעגן, איבער וועלדער און פעלדער, לויפן און שטיפן און לאכן. פלעג אים שטענדיק האלטן פאר א קינד — א קינד קעגן מיר: ער פינף יאָר, איך אכט, א שטייגער. פלעגט זיך מיר שטענדיק אָפּדוכטן, אז איך בין זיין עלטערע שוועסטער, אָדער זיין ניאַנקע און...

(איר בליק וואַנדערט, זי שיינט צו רעדן מער צו זיך ווי צום פאָטער).

און ווען איך פלעג האלטן זיין האנט אין מיינער, פלעגט מיר זיין אזוי... גוט אפן הארצן... אזוי...

מיכאל

(האַסטיק, אין אַ נאָך מער צופרידענעם טאָן).

פארשטיי, אודאי!

(קורצע פויזע).

חיה שרה

(טוט זיך אַ טרייסל, אַזוי ווי אויפגעוועקט פון שלאָף).

יע, טאַטע, פלעגט מיר זיין אזוי גוט. אזוי גוט. איך מיין... ווי זאָל איך דיר זאָגן? עפּעס פלעגט מיר ווערן אנדערש אפן הארצן... ניט אומעטיקער, ניט פריילאכער, נאָר אָט... אנדערש, פאַרשטייסטו... און איך בין שוין דאן געוועזן אַ מיידל אין שידוכים. האָב געהערט אַז יונה־משה־לייזער׳ס קדיש האָט אף מיר אַן אויג, און

(איר בליק וואַנדערט פון דאָס־ניי און זי פאַרטראַכט זיך ווידער).

און פּייווקע ווערט מיר וואָס אַ יאָר אַלץ געטרייער, אַלץ מער צוגעבונדן. ווי מיין שאָטן גייט ער מיר נאָך און טו איך אף אים אַ קוק, דאכט זיך מיר אָפּ, אַז איך הער ווי זיין הארץ קלאַפּט. אין פייער און וואַסער וואָלט ער כסדר פאַר מיר גיין.

מיכאל

ביז היינטיקן טאָג... איצט נאָך מער, נאָך מער, חיה׳לע.

חיה שרה

(טוט זיך ווידער אַ כאַפּ אויף).

קיין זאַך איז אים פאַר מיר ניט צו שווער. קיין זאַך ניט, און איך...

מיכאל

יע, יע, און דו?

חיה שרה

איך פלעג זיך פילן אזוי נאָנט צו אים. און פלעג בענקען נאָך אים, ווען ער איז לעבן מיר ניט געווען. און וואָס עלטער ער איז געוואָרן, אַלץ מער האָב איך אים האָלד געהאַט און צוליב מיר האָט ער אזוי גוט געלערנט באַם רבין אונזערן און זיינע אויגן פלעגן בלישטשען, ווען איך פלעג אים לויבן.

מיכאל

אודאי, אודאי! ווער געדענקט דאָס ניט?!

חיה שרה

(מיט אַ זיפץ, אין אַ רירנדיקן טאָן)
ביז... יענעם טאָג בעת רחמיאל...

מיכאל

אַ גוטער בעטער זאָל ער פאַר אונז אַלעמען זיין...

חיה שרה

ביז ער איז אַריינגעקומען אין שטוב, ער, מיט זיין איידעלן, שיינעם פּנים. די שכינה האָט דאָך אַף אים גערוט. ביז ער איז אַריינגעקומען און זיינע ליפּן האָבן זיך געעפנט און איך האָב דערהערט זיין זיסן קול. פון יענעם טאָג האָב איך מער שוין קיינעם ניט געזען און ניט געהערט. קיינעם ניט חוץ אים אַליין...

מיכאל

ווי הייסט, קיינעם ניט?

חיה שרה

דאָס וועסטו ניט פאַרשטיין, טאַטע, מיטן שכל קען איך דאָס אַליין ניט ריכטיק באַנעמען...

(זי פאַרטראַכט זיך פון דאָס־ניי און רעדט צו זיך אַליין).

קיינעם זע איך שוין ניט מער. פאַרביי'ן אַלטן, גרויסן דעמב גיי איך און דעם דעמב זע איך ניט. איך קוק אַף דער מיל, אַף דער קרעטשמע, אפשר וועג, אָבער וואָס דאָס אַלץ איז, ווייס איך ניט. די פערד, די בהמות הערקען איך ניט. די ציג איז מיר פרעמד און

איך שטוים איר אָפּ, ווען זי לאַסטשעט זיך צו מיר. די פויגלאך פּיפּצען און איך הער זיי ווי דורכן חלום. די זאַנגען אין פעלד, זיי בלאָזט דער ווינט און זיי בויגן זיך צו מיר, און איך זע זיי ניט... זער גאָרנישט, קיינעם ניט, חוץ אים, און (ווענדעט זיך פּלוצלונג צום פאָטער) ווען ער הויבט אָן צו רעדן, עפנט זיך מיין מח, און עס עפענען זיך מיינע אויגן, און... אָ, דו ווענסט עס ניט גלויבן, טאטע...!

מיכאל

רעד, רעד זיך שוין אוים דיין האַרץ, מיין טאָכטער...

חיה שרה

מיר פלעגט זיך אָפּדוכטן, בעת ער האָט גערעדט, אז איך זע די ווערטער, ווי זיי קומען אַרוים פון זיין מויל. זע זיי, טאטע, זע די ווערטער זיינע.

מיכאל

וואָס? באַשיינפּערלאך? גיי, גיי! נו, און פּיוּוּל?

חיה שרה

ער? אים האָב איך ליב געהאַט ווי פריער, מער ווי אַ ברו־דער, מער נישט אים האָב איך שוין ניט אָפט געזען.

מיכאל

ער פלעגט זיך דאָך שטענדיק אַרומדרייען אַרום דיר?

חיה שרה

אָבער אים פלעג איך נאָר זען אַ שטייגער ווי מען זעט מענטשן בעת מען ליגט אין היצקריינק.

מיכאל

ניט אין קיין אידישער הויז געדאַכט! און אזוי האָסטו דאָס פּיוּוּלען געזען די גאַנצע צייט?

חיה שרה

די גאַנצע צייט — ביז יענעם שרעקלאכן טאָג...

מיכאל

וועלכן.. וואָס איז שוין דאָס ווידער געווען פאַר אַ טאָג?

חיה שרה

דער טאָג, טאַטע, ווען מיר האָבן רחמיאלן צוגעהרגעט.

מיכאל

פע, וואָס רעדסטו, מיין קינד? צוגע... געוואוין זיך אָפּ דער־פון, כ'לעבן!

חיה שרה

ביז יענעם טאָג. דעמאָלט אָבער איז פּייוועלע געוואָרן מיין רעכטע האַנט. בעת מען האָט גערארפט ראַטעווען (ווידערהאָלט איראָניש) „ראַטעווען" רחמיאלן, האָט ער מיר געהאָלפן מיט אַלע קרעפטן. דעמאָלט איז ער פאַר מיר פון דאָס־ניי געוואָרן מיין פּייוועלע, דער אַמאָליקער פּייוועלע. און איצט, טאַטע, פאַרשטייך, וואָס מיר וואָלט זיך דעמאָלסט אַפילו ניט געחלומט. דאָס איז אַ שרעקלאַכע זאַך, טאַטע: קען דאָס כמעט איבער די ליפּן ניט ברענגען.

מיכאל

וואָס, חיה'לע? דערצ.. אהא! ירוחם גייט.

# פערטע דערשיינונג.

ירוחם

ר׳ מיכאל, גאָט־אי מיט אייך! חתנ׳ס צד וואָרט.. ווי איז אייך איצט? בעסער, ניין?

מיכאל

א דאנק זיין הייליגן נאָמען, בעסער, בעסער. אָבער גייט, זייט מוחל, נאָך אמאָל אריין צו זיי און בעט זיי צו ווארטן נאָך א פערטל שעה צייט....

ירוחם

דער מילנער איז זייער... נעמט א שמעק טאבאק, ר׳ מיכאל (גיט אים) ער זעט אוים זייער כאַרעאָ־דאַבוה׳דיק...

מיכאל

נישקשה, ר׳ ירוחם... האָבן אף אים לענגער געוואָרט, דעם גרויסן יחסן אונזערן. חיה־שרה׳לע האָט מיר וואָס צו זאָגן... אגב איז דער עולם בא אונז אויך ניט קיין מורא׳דיק גרויסער. פּרוצעטאַלבן מענטשן. וועל איך לאָזן וויסן, ווען צו ברענגען דעם חתן אהער. גייט, איך בעט אייך, ר׳ ירוחם, זאָגט זיי, מיר שווינדלט נאָך אביסל, כדאי׳ער נאָך א האָרעלע צו פּארציען...

ירוחם

גיי איך, אָבער אומזיסט מארודעט ניט. ווי דעם חתן איז, נעבאך, אפן הארצן, וויים איין גאָט אין הימל...

(נעמט א גרויסן שמעק־טאַבאַק און גייט אַוועק).

מיכאל

וואָס, מיין קינד, וואָס איז דאָס אזוינס געוועזן?

חיה שרה

וואָס, טאַטע?

מיכאל

אַט די מורא׳דיקע זאַך, וואָס דו קענסט כּלומרשט ניט אַרי־בערבערענגען איבער זיי לעפצן... רעד זיך אויס, וועט דיר ווערן לייכטער אַפן האַרצן פאַרן גיין צו דער חופּה.

חיה שרה

(כאַפּט זיך אויף פון דער פאַרחלומטקייט) יע, יע! וועל עס דיר זאָגן: אַט יענעם טאָג, בעת איך האָב זיך געריכט אַף די כאַפּערס און פּייווקע מיט סטעפּאַנקען האָבן מיר געהאָלפן מיט אַלע כחות, — יענעם טאָג, טאַטע, האָב איך איינגעזען, אַז ער, רחמיאל, איז געווען אייפערזיכטיק אַף פּייווקען...

מיכאל

איי... פאָרז... וואָס איז דאָס אַזוינס?

חיה שרה

דעמאָלט האָב איך דאָס אַליין אויך ניט געוואוסט, ניט דעם וואָרט, ניט דאָס וואָס מען מיינט דערמיט. איצט ווייס איך (אין אַ שטילערן אָבער פּייערלאַכן טאָן) טאַטע, רחמיאל האָט פּיינט געהאַט פּייווקען, מחמת אים האָט זיך גערוכט, אַז איך בין צו פּייווקען צו־גוט.

מיכאל

פאַרשטיי ניט...

חיה שרה

אַז איך האָב ליב פּייווקען.

מיכאל

דו? אַן אשת איש, ליב?...

חיה שרה

יע, יע, יע!

מיכאל

קען ניט זיין. אַ טעות, חיה׳לע! (ווישט זיך דעם שוויים פון שטערן. אַ רגע פּויזע). און אפשר...

חיה שרה

דאָס איז ווי איך זאָג דיר, און דו ווייסט ניט ווי דאָס מו־טשעט מיך...

מיכאל

איצט? עד היום נאָך?

חיה שרה

איצט א סך מער ווי פריער... וואָס נענטער איך קום צו פייוולען, און וואָס נענטער מיר קומען צו דער חופה, אַלץ מער און מער מוטשעט דאָס מיך... נעכט שלאָף איך ניט. שלאָף איך אַמאָל יע, קומט יענער מיר צו חלום. בלייך ווי קאַלך זעט ער אויס.. בלייך און בייז. ניטאָ מער די זיסקייט אָף זיין פּנים, די ליבקייט, די פריינטלאַכקייט זיינע. און בא טאָג, אָפּן וואָר, זע איך אים אויך אַזוי, מער ניט קלאָרער איז בא טאָג זיין בליק. און, טאַטע, וואָס איך סטאַרעווע זיך ניט, אים צו זען פאַר מיינע אויגן א זיסן, א ליבלאַכן, מיט א גוטן שמייכל אָף די ליפּן, גיט זיך מיר דאָס בשום אופן ניט איין... איך קען נאָר געדענקען יע־נעם אַנבליק זיינעם, אַט יענעם ווי ער האָט געקוקט אָף פייוולען דעם טאָג, ווען מיר האָבן אים געוואָלט ראַטעווען... ראַטעווען פון וועלפקעס הענט.

נו, דאָס איז קינדעריי, חיה־שרה'לע! לאָמיר אַריינרופן די מחותנים, לאָמיר אָפּשטעלן חופּה און א סוף...

חיה שרה

ניין, ניין! נאָך ניט, טאַטע! גיב מיר נאָך עטלאַכע מינוט צייט, נאָך עטלאַכע מינוט...

(אין א שטילערן טאָן, בעת איר בליק וואַנדערט פון דאָס־ניי).

טאַטע, איך האָב מורא, ער... ער, פאַרשטייסטו, וועט זיך באַווייזן בא נאַכט צווישן די אונטערפירער...

מיכאל

זיך באַווייזן? גאָט אי מיט דיר? וואָס מיינסטו? (ער כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ) עפּעס איז מיר מיין קאָפּ ווי צעטומלט...

איין גאָט אין הימל ווייס, וואָס דאָס קען באַטייטן! רעד מיט ווערטער, וואָס מיינסטו?

חיה שרה

(אין דעמוזעלביקן טאָן) איך קלער, ער וועט זיך באַווייזן אין מיין קאַמער היינט באַ־נאַכט... אפשר נאָך אונטער דער חופה...

מיכאל

גיי, דו רעדסט נאַרישקייט, חיה־שרה'לע. וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אז מתים זאָלן קומען אף חתונות?!

חיה שרה

(נאָך פייערלאַכער) ער וועט קומען, ער וועט קומען. קיינער וועט אים ניט זען חוץ מיר. (רעדט צו זיך) קלאָר וועל איך זען... ווי נעכטן באַ נאַכט, וועט זיך שטעלן אונטער דער חופה צווישן פייוועלען און מיר... בעת ער וועט דאַרפן מיך מקדש זיין. צווישן אים און מיר וועט ער זיין אונטער דער חופה און נאָכדעם, באַ נאַכט... ער וועט פייוועלען ניט צולאָזן צו מיר... ער האָט אים פיינט...

מיכאל

רעד ניט אזעלכע רייד, מיין קינד! ניט... גאָר ניט מעשה אידישע טאָכטער...

חיה שרה

(שפרינגט אויף, אזוי ווי דערוואַכנדיק באַם לעצטן וואָרט זיינעם)
אָי, דו שרעקסט מיך איבער, טאַטע!

מיכאל

מיט וואָס, מיין קינד?

חיה שרה

מיט די ווערטער דיינע... מיט די האַרטע ווערטער. זיינע פלעגן גלעטן דעם אויער, ווי סאַמעט ווייך זענען זיי געווען; דיינע ווערטער זענען האַרט, זיי רייסן, זאָלסטו מיר מוחל זיין. פייוועלע'ס אויך. יע, זיינע אויך. ווען ער רעדט ניט, האָב איך אים אזוי האָלד, פון גאַנצן האַרצן האָלד... מיט אמאָל עפּנט

ער אויף זיין מויל און די ווערטער פון זיין מויל פארהארטע־
ווען מיין הארץ... און די ווארעמקייט אין מיין בוזים ווערט
אָפּגעקילט...

מיכאל

מיר דאכט, דו ביסט קראנק, מיין קינד. איך אויך. אפשר
פייוועלע אויך. אַלע זענען מיר קראנק.

חיה שרה

(האָט ניט געהערט) און בעת ער נעמט מיך ארום...

מיכאל

ווער נעמט דיך ארום?

חיה שרה

פייוועלע, טאטע.

מיכאל

פייוול? איר האָט דאָך ניט חתונה געהאט?

חיה שרה

(האָט אים ווידער ניט געהערט) בעת ער נעמט מיך ארום
און דריקט מיך צו זיין ברוסט, פיל איך אים ניט... עפּעס א
מחיצה איז דאָ צווישן פייוועלען און מיר... רחמיאל'ס מחיצה...
(אין עקסטאז) אָי, טאטע! אָט זע איך אים ווי אמאָל! זיס און
מילד און ליבלאך!

מיכאל

וועמען זעסטו?

חיה שרה

אָי, דו האָסט אַלץ איבערגעפּירט. איצט איז ער ווידער
בייז... און אָט זע איך שוין גאָרניט. (פּויזע) איז וואָס האָב איך
געוואָלט זאָגן? יע... ווען פייוועלע קושט מיך... (מיכאל מאכט
ווידער א באוועגונג) ווען ער קושט מיך און איך שטעל אוים מיי־
נע ליפּן צו אים, ווערן זיי הארט ווי געגארבטע פעל, און די גאנצע
זאפט אין זיי ווערט אויסגעטריקנט און מיר דוכט זיך אָפּ, אז
צווישן מיין מויל און פייוועלע'ס, צווישן אונזערע הייסע רויטע
ליפּן קומט אריין זיין קאַלטע, בלייכע האנט... מחמת ער האָט

פיינט פייוועלען, טאַטע, ער האָט אים פיינט און ער פאַרסמט מיינע קושן...

מיכאל

(פאַר זיך) די ביכלאַך, די טרייף־פּסול'ס! זי גייט אַראָפּ פון זינען, מיין קינד... (טרערן שטעלן זיך אים אין די אויגן).

חיה שרה

יע, ער איז אייפערזיכטיק אַף פייוועלען. און מיינסטו, ער איז ניט גערעכט? ווער וועט פייוועלען ניט האָלד האָבן? פראָסט איז ער, אָבער גוט און דרייסט, און שיין, און אַ גילדערנע האַרץ איז דאָ אין זיין בוזים... היינט, ערלאַך און ריין. ווינש קיין אידישע טאָכטער ניט קיין ערגערן חתן (פאַרחלומט זיך) ער־לאַך און ריין. אַן אויג, וואָס וואַרעמט און לייכט.

מיכאל

(מאַכט זיך אַ האַרץ) וואָס איז דאָ צו רעדן! (עפנט די טיר) ר' ירוחם! אַהער, זייט מוחל!

ירוחם

(אַפּן שוועל) הייסט עס...?

מיכאל

גייט ברענגט אַריין כלה'ס צד — אַלעמען, אַלעמען! — און לאָמיר גיין צו דער חופּה.. גיין, חיה־שרה'לע?

חיה שרה

(קוקט אים אָן און ענטפערט ניט).

מיכאל

ר' ירוחם, הייסט די כלי־זמרים אויפשפּילן און ברענגט דעם חתן צו דער חופּה. גייען מיר, חיה'לע?

חיה שרה

(רעדנדיק ווי דורכן חלום) גייען, גייען... (טוט זיך אַ ריר).

מיכאל

(עפנט די טיר) קום־זשע!

חיה שרה

(ווי פריער) וואוהין?

מיכאל

ציים צו גיין צו דער חופה. איך בין, דאַכט זיך, אַ דאַנק זיין הייליקן נאָמען, שוין ווידער אין גאַנצן...

חיה שרה

דו ? נו, און איך ?

מיכאל

וועט, מירצעשעם, אויך איבערגיין, מיין קינד. און נאָך דער חתונה, אַז דער אויבערשטער וועט געבן, וועט אייך נאָך... וועט איר, יונגוואַרג, אַ לעב טאָן... קיין געלט וועט אייך, חלילה, ניט פעלן, לאָז נאָר זיין געזונט... און פייוועלע וועט דיר זיין צוגעטאָן מער און מער. אַף די הענט וועט ער דיך טראָגן. פויגל־מילך און דעם טעלער פון הימל...

(די כלי־זמרים האָבן דרויסן דערווייל אויפגעשפילט; דער חתן גייט, ווייזט אויס, צו דער חופה).

מיכאל

נו, אַ סוף — אַן עק, אין אַ מזל׳דיקער שעה! מיט די רעכ־טע פוס ארויס, מיין קינד־

חיה שרה

(מיט אַ היסטערישן געשריי).

טאַטע!!!

מיכאל

וואָס שוין ווידער, חיה׳לע?

חיה שרה

שווייגן הייס זיי! הייס זיי שווייגן! שווייגן!!!

מיכאל

וועמען?

חיה שרה

די כלי־זמרים, טאַטע!

מיכאל

(עפנט די טיר און שרייט) ר׳ ירוחם! לאָז מען אויפהערן שפילן!... נאָך אַ רגע צוואַווארטן!

חיה שרה

יע, צואוואַרטן, צואוואַרטן! (בליקט ווילד ארוים) אפשר וועט ער אוועקגיין... (די מוזיק ווערט פארשטומט).

מיכאל

ווער מיין קינד?

חיה שרה

ער... יענער... פאַר מיינע אויגן שטייט ער דאָ... זיין פּנים איז מרה־שחורה׳דיק... ער איז אין כעס... בלייך ווי א טוך און אין כעס! (פּויזע).

מיכאל

קלער, מען דאַרף אָפּלייגן די חתונה... רופט אריין דעם חתן, ר׳ ירוחם! זי איז קראַנק, מיין קינד, קראַנקער פאַר מיר... (ירוחם אָפּ).

פייוול

(אַנגעטאָן יום־טוב׳דיק, שטייט ער ווי פאַרשטיינערט אין טיר, די אויגן אַריינגעלאָזן אין חיה־שרה׳ן. לאַנגזאַם קומט זי צו אים צו).

חיה־שרה

פייוועלע... איך קען ניט... טייער ביסטו מיר, טייערער ווי דער לעבן, אָבער... מיר וועלן ניט חתונה האָבן. (זי רייסט פון זיך ארונטער דעם דעקטוך) ער... וועט ניט לאָזן... ער וויל ניט... צווישן מיר און דיר שטייט ער, מיט זיין בלייכן, בייזן פּנים, מיט זיין ביסטרען קוק, פייוועלע... אָט אזוי ווי איצט... ווי איצט...

פייוול

(מאַכט אַ באַוועגונג מיט די ליפּן. זי לאָזט אים ניט רעדן).

חיה־שרה

ששש! שטיל, מיין גוטינקער, ניט גערעדט! (טוט אוים א רינג פונם פינגער) נאַדיר קאַריק דיין תנאים־מתנה, נעם דיין פינ־גערל צוריק! (ער נעמט, ניט ווימנדיק וואָס ער טוט) אָט אזוי... מיר מוזן אָפּלאָזן דעם שידוך, פייוועלע... שיידן, שיידן מוזן מיר זיך... טייערער ווי דער לעבן ביסטו מיר, אָבער רחמיאל לאָזט

ניט, ער האָט דיך פיינט, גוטינקער... (זי האלט באם אנידערפאלן מיכאל כאפט איר אונטער) ער האָט דיך פיינט...

מיכאל

חיה'לע, וואָס איז דיר, מיין קינד? ר' ירוחם, סטעפאן, אי־מיצער! א רופא אהער, א דאָקטאָר!

חיה־שרה

(מיט אויסגעגלאָצטע אויגן קעגן חתן; קוים־קוים וואָס זי רעדט)

דו הערסט, פייוועלע, רחמיאל ל... לאָזט ניט.

פאָרהאַנג.

## פ ע ר ז אָ נ ע ן:

ר׳ חייקעל געלדמאַן, א רייכער מלוה.
עמיליע, זיין איינציקע טאָכטער.
דר. לובלינסקי, אַ יונגער דאָקטאָר.
דינעצקי, זיינער א פעלדשער.
ר׳ צמח, א שדכן.
חייעטשקע, אַ יונגע מיידל אין ר׳ חייקעלס הויז.
ציפה, א שכנטע פון ר׳ חייקעל.
פרושים, יונגע קינדער, כלי־זמרים, איין אונטערפירערקע א. אז. וו.

אָ ר ט: א אויעזדנע שטאָט אין ליטע.
צ י י ט: די געגנוואַרט.

## כ א ר א ק ט ע ר ע:

ר׳ חייקעל —

א שיין געבויטער איד פון א יאָר פופציק; אן אלמן; פרום און אַ בעל־גאוה; רעדט לאַנגזאַם; אין דער נאַטור ניט שלעכט; קליידונג איינפאַך; באָרד לאנג.

עמיליע —

אַ מיידל פון אַ יאָר 18. קיין שיינהייט, אָבער אנגענעם, חנ׳עוודיק; מיט אַ מעסיקן טעמפּעראַמענט; קליידעט זיך איינפאַך, אָבער מיט געשמאַק.

לובלינסקי —

25 יאָר אלט; זייער באשיידן; העפלאַך, אָבער וואַרפט זיך ניט ארונטער; טראָגט ברילן; געקליידעט אין שווארץ; העמד־קראַגן אָפּגעלייגט; קורצער באָרד און שנורבאַרט; אַן אַנגענעם געזיכט.

דינעצקי —

20 יאָר אַלט; ראַזירט; היצקאָפּ; האָט ליב אַ שפּאַס און רעדט שטענדיק מיט האַרץ; טראָגט באַטפאַרטן.

ר׳ צמח —

אַלט אַ יאָר 60; ליבט געלט; קען ניט אויסרייידן די בוכשטאַבן ז, ס, צ, ש; הינקט צייטנווייז אונטער; טראָגט אלעמאָל די זעלבע זופּיצע, חוץ שבתים; שמעקט זייער פיל שנופּטאַבאַק.

חייעטשקע —

אַ מיידל פון א יאָר 13; זייער לעבהאַפּט; קאָכט זיך שנעל אויף; אַ זעלבסשטענדיקער כאראקטער — איז אומעטום ווי אין דערהיים; דורך עמיליעס איינפלוס איז זי עטוואָס אויסגעבילדעט און קליידעט זיך איינפאך.

צווישן דעם ערשטן און דעם צווייטן אַקט פאַרגייט אַ מעת לעת. צווישן צווייטן און דריטן עטלאַכע טעג.

אין דר. לובלינסקי׳ס צימער דאַרף שטיין א שרייבטיש מיט אייניקע ביכער. אין דער לינקער זייט צו דעם פּובליקום — אַ קליידער־שראַנק.

# ערשטער אַקט.

## ערשטע סצענע.

עמיליע

(אַליין, זי מאַכט צו א בוך וואָס זי האָט געהאַלטן אין לעזן. עס איז דונקל: בין השמשות).

ניין! איך קען ניט לעזן. עס קריכט מיר היינט קיין זאַך ניט אין קאָפּ... וואונדערבאר! וואָס איך האָב צוויי יאָר נאָכאַנאַנד געפילט, ניט ווויסנדיק וואָס דאָ טוט זיך מיט מיר איז מיר מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן און דורך וועמען? דורך מיין פאָטער! וואָלט ער מיר היינט ניט דערציילט, אַז ער מיינט מיך צו פאַרהייראַטן מיט אַ ישיבה־בחור, וואָלט איך וואַרשיינלאַך אַליין ניט געוואוסט ווי ליב און טייער מיר איז מיין געהיימער לערער, לובלינסקי... ווער ווייס ווי לאַנג נאָך איך וואָלט באַ אים בשתיקה גענומען שטונדן און עס וואָלט מיר גאָר אויף די געדאַנקען ניט ארויפגעקומען אַז ער קען זיין צו מיר עטוואָס אַנדערש ווי אַ לערער. און דאָך... אַ! פּוסטע חלומות! ער טראַכט געוויס גאָר ניט... אָ, ער קומט...

לובלינסקי

(אריינקומענדיק) ווי גייט'ס ליבע שילערין?

עמיליע

אַ דאַנק! וואָס איז מיט אייך? איז זעט אויס זייער צוטראָגן?

לובלינסקי

איך... איך ווייס אַליין ניט וואָס צו זאָגן... איך האָב היינט געהאַט אַן אומגעבעטענעם גאַסט באַ זיך...

עמיליע

(האַסטיק) אַן אומגעבעטענעם גאַסט?

לובלינסקי

יאָ, עמיליע. בא מיר איז געווען דער זשאַנדאַרמסקי פּאָל־קאָווניק און האָט געמאַכט אַן אָביסק...

עמיליע

ער האָט נאַטירלאַך גאָרניט געפונען?

לובלינסקי

פיל יעדנפאַלס ניט... מיינע געפערלאַכע געדאַנקען און מיי־נע ביטערע געפילן בלייבן בא מיר אין קאָפּ און אין הארצן און סור־מען זעלטן ווען ארויס דורכן פעדער אפן פּאַפּיר. ניין, ער האָט קיין שריפטן ניט געפונען, ער האָט אָבער מיטגענומען עטלאַכע רעוואָלוציאָנערע ביכלאַך און האָט מיר געגעבן צו פארשטיין, אַז עס וואָלט פאר מיר כדאי'ער געווען זיך אַפּצוטראָגן...

עמיליע

ווי הייסט אָבער... איר מיינט דאָך ניט אוועקפאָרן?

לובלינסקי

איך מוז.... איך וואָלט געזאָגט איך וויל ווען... ווען ניט איר, עמיליע.

עמיליע

(זייער אויפגערעגט) וואָס מיינט איר דערמיט?

לובלינסקי

נון, איך בין נאָך יונג, איך האָב געלט און וואָלט גערן געזען די וועלט... די גרויסע וועלט: פראַנקרייך, איטאַליע, די שווייץ; אָבער אוועקפאָרן און אייך לאָזן אַליין... איך מיין אַן א לערער... דאָס וואָלט מאַכן צו נישט אונזערע ארבעט פון די גאַנצע לעצטע צוויי יאָר...

עמיליע

וועגן דעם אַליין באַדאַרפט איר זיך ניט אָפּהאַלטן. נאַטירלאַך וואָלט איך וועלן עטוואָס מער דערגיין, אָבער לערנען האָט קיין שיעור. ווען אייך האַלט קיין אַנדער זאַך ניט אָפּ ווי דאָס...

לובלינסקי

עמיליע איר זייט גערעכט. (ער נעמט אירע ביידע הענט אין זיינע) הערט־צו עמיליע; מיר זענען גוטע פריינט, איך וויל פאר אייך קיין סודות ניט האָבן... מיין רייזע הייננט ווירקלאך אָפּ פון נאָך עטוואָס.... איך ליב...

עמיליע

(ערשטוינט) איר... ליבט?

לובלינסקי

יאָ, מיין קינד, איך ליב און פון איר וועלכע איך ליב הייננט אָפּ אויב איך זאָל וו ע ל ן אָדער מ ו ז ן פאָרן... מיין גע־ליבטע...

עמיליע

אייער געליבטע? הערט, אדאָלף, איר האָט נאָר־וואָס גע־זאָגט, אז מיר זענען גוטע פריינט... זאָגט מיר ווי זי הייסט...

לובלינסקי

איך וואָלט אייך זאָגן, בעסטע עמיליע, אָבער איך וואָלט גערן פריער וויסן אויב זי ליבט מ י ך. ווארום אין דעם פאַל, ווען ניט, איז גלייכער אז קיינער זאָל ניט וויסן ווער און וואָס זי איז.

זי — אייך ניט ליבן? גייט, גייט, זי ליבט אייך גאנץ געוויס...

לובלינסקי

דאָס איז בא אייך גאנץ זיכער?

עמיליע

אויב זי איז ניט משוגע, איז קיין ספק ניטאָ.

לובלינסקי

נו, דאַן מעגט איר וויסן, אז זי הייסט עמיליע געלדמאַן...

עמיליע

(אים ארויספאַלנדיק אפן האַלז און שלוכצנדיק) אָ, מיין אדאָלף!

לובלינסקי

און טאָמער וויל זי, מעג זי הייסן עמיליע לובלינסקי.

(אין צימער פאַלט אַריין אַ ליימענער טאָפּ, וועלכער ווערט צעבראָכן מיט אַ טראַסק; גלייך נאָכדעם קומט, לאַכנדיק אַריין)

חיה'עטשקע

מזל טוב! מזל טוב!

עמיליע

חיה, ביסטו משוגע? וואָס איז מיט דיר?

חיה'עטשקע

משוגע? פאַרקריינק איך דעם האָר! ווען איך וואָלט געווען משוגע וואָלט איך געבראָכן שויבן ניט אַ טאָפּ.

עמיליע

וואָס איז דיר איינגעפאַלן?

חיה'עטשקע

אין אָנהויב ווען דער דאָקטאָר האָט גענומען ריידן וועגן אוועקפאָרן איז מיר איינגעפאַלן די האַרץ, נאָכדעם, אַז ער האָט געקאָנטשעט איז מיר איינגעפאַלן דער מזל טוב אין קאָפּ און טאַקע מזל טוב אייך ביידן! היינט זאָל ווער זאָגן אַז חיה'קע איז אַ נאַר! האָב איך ניט פאַראיאָרן שוין געזען, אַז פון אַ גרעגראַפיע, מיט די גאָרעמאַטיקע, מיט די פּראַנצויזישע ביכלאַך וועט ארויסקומען אַ שידוך אָן שדכן? לאָמיר רעכענען, ר' חייקלען וועט די מעשה ניט שמעקן, אָבער ער קען זיך העלפן: לאָז ער נאָכאַמאָל חתונה האָבן — אפשר וועט אין צוואַנציק יאָר אַרום די צווייטע טאָכטער גיין פאַר אַ ישיבה־בחור....

עמיליע

דו רעדסט נארישקייט.

חיה'עטשקע

איך רייד אַרום דאָס וואָס איר טוט און איר טוט גאַנץ קלוג. הלואי מאַכט זיך מיר אַ בשתיקה'דיקער לערער! און איר פאַן דאָקטאָר האָט אויך אסור געקענט געפינען אַ בעסערן חולה... ווי מירעלען.

לובלינסקי

פאַרוואָס רופט איר זי חולה.

חיה'עטשקע

פאַרוואָס? ווייל, ווי איך זע, ליידט זי שוין פון צוויי יאָר פון אַ לובלינסקי־פּעלער. הערט, ווייסט איר נאָך וואָס! מיר דאַכט זיך נאָך אַלע אייערע דאָקטאָריע זייט איר ניט קליגער ווי מיין זיידע עליו־השלום. איר היילט מיט זיין מיטל, נאָר אביסל אַנדערש.

לובלינסקי

וואָס מיינט איר?

חיה'עטשקע

ער פּלעגט געפערלאַכע קראַנקע צולייגן אַ נאָמען, איר לייגט צו אַ פּריזשווישקע. *)

(לובלינסקי האָט אינצווישן עמיליען אַרומגענומען פאַרן טאַליע. ניט באַמערקט פון קיינעם קומט אַריין ר' חייקעל זאָגנדיק אשר־יצר און זיך ווישנדיק די הענט מיט אַ בלויע טאַשנטוך).

לובלינסקי

(אים געוואָר ווערנדיק)

אַדיע, פריילין, ווען אייך וועט ניט ווערן בעסער, שיקט אייער מיידל צו מיר (גייט אָפּ).

ר' חייקעל

וואָס איז דאָס פאַר אַ מין פאַרדרייעניש אַזעלכער? אַ?

עמיליע

דער דאָקטאָר, איך האָב נאָך אים געשיקט.

ר' חייקעל

נאָך אים? צו וואָס דאַרפסטו דאָקטוירים? מיט אַ שעה צוריק ביזטו, דאַכט־זיך, געווען פריש און געזונט. און אַז מען

---

*) פאַמיליע־נאָמען.

דאַרף שוין יאָ אַ דאָקטאָר מוז מען דאָס דוקא שיקן נאָך אַ יונגן פּראַנטל?

חיה'עטשקע

מיר האָבן אים גענומען ווייל ער האָט פאַר צוויי יאָרן — ווען איר זייט געווען אין וואַרשע — מירעלען אויסגעהיילט פון היץ-קריינק. אגב איז אייביק גלייכער צו רופן יונגע דאָקטוירים. זיי קומען גיכער, נעמען ווייניקער און היילן בעסער.

ר' חייקעל

אַט, אַט, אַט! רחמנא יצילנו! וואָס פאַר אַ מויל די מיידל האָט דאָס אַביסל! וואָס פאַר אַ צונג!

חיה'עטשקע

האָט קיין פּחד ניט ר' חייקעל. מ י ט מיין גרויסע מויל און מ י ט מיין לאַנגן צונג עס איך פונדעסטוועגן ניט מער ווי אַנדערע און דאָס איז דאָך בא אייך דער עיקר... חוץ דעם...

ר' חייקעל

שווייג בהמה! זאָג מיר, מירל, וואָס האָט דער חברה־מאַן דיר עפּעס אַרומגענומען? אַ? משמעות דו פאַרגעסט צייטנווייז אַז דו ביזט אַ בת־ישראל! האָסטו גאָר קיין בושה און קיין חרפּה ניט?

חיה'עטשקע

ר' חייקעל איר שרייט און ווייסט אַליין ניט אַף וואָס. די מעשה איז אַזוי געווען. מירעלען האָט ניט פאַר אונז אַלעמען גע־דאַכט מיטאַמאָל גענומען שטעכן אין זייט. מיר רופן דעם דאָק־טאָר. דער דאָקטאָר קומט צוגיין, ער זעצט זיך, „אין וועלכע זייט שטעכט אייך?“ מאַכט ער, „אָט־דאָ?“ און ווי ער שטעלט אויס די האַנט, קומט א י ר אריין. אָט־דאָס, ר' חייקעל, איז דאָ גאַנצע אַרומנעמעניש.

ר' חייקעל

מיר האַלטן אַף אַ דרך! חייקע איז ווי איך זע, בא מיר די באַלעבאָסטע און בא מיין טאָכטער די ריידערקע. דו, חצופה ווערסט בא מיר ווייטער ריידן מיט אַנאַנדער קול אויב דו וועסט זיך ווידער

כאַפּן ברייננגען שנעקלאַך דאָקטוירים אין הויז אריין. — מירל, ר׳ צמח דער שדכן קומט אהער נאָך מעריב. זע, אַז ער זאָל ניט גע־פינען קיין טרייף־פסל׳ען און קיין פּאַטשערעס. אַניט וועסטו באַ מיר א העלער נדן ניט קריגן און לאחר מאה שנים גייט אַלץ אַף עולמות. דו גרויסע מויל, גיי און קאָך וועטשערע. (ער גייט אוועק).

## צווייטע סצענע

(דר. לובלינסקי'ס שרייב־צימער. — פרימאָרגן).

לובלינסקי

אזוי? ער האָט אייך אָנטזאָגט פון דער שטעלע?

חיה'עטשקע

אָנטזאָגט ניט, אָבער ארויסגעטריבן האָט ער מיך. מיט אונז מיידלאך מאכט מען קיין צערעמאָניעס ניט. מען טרייבט אונז ארויס און מיר גייען.

לובלינסקי

וואָס האָט ר' חייקעל צו אייך געהאַט?

חיה'עטשקע

וואָס? הערט־צו וועל איך אייך דערציילן. נעכטן אָוונט ווען איר זייט אוועק, האָט ר' חייקעל גענומען פרעגן קשיות. די מעשה איז אים עפּעס ניט גלאַט געוועזן. מיר האבן אים די קאָפּ פארדרייט, אָבער ניט אינגאנצן, און בא אים איז געבליבן א חשד אז מירעלע איז זייער סכנה'דיק ניט קראנק געוועזן. פונדעסטוועגן האָט ער איר אין גרונט הארצן האָלט — פאָרט א בת־יחידה. ער האָט זיך גוט אָנגעבייזערט, אָנגעשריען און איז אוועק דאַוונען מעריב. קומענדיק פון מעריב האָט ער געבראכט ר' צמח'ן דעם שדכן מיט זיך — דער וואָס גייט אין א ברייטע זופיצע. מירעלע איז זיך געוועזן בא איר אין צימער און זי האָט נעבאך געוויינט...

לובלינסקי

(מיט א זיפץ) געוויינט? אָרים מיידל!

חיה'עטשקע

נו, אָרים איז זי למשל ניט. חוץ איר שאַדן אַף אַלע אידישע טעכטער געזאָגט געוואָרן! נאָר הערט ווייטער, פאַני דאָקטאָר. בקיצור, ער איז געזעסן מיט ר' צמח'ן און איך בין געשטאַנען ניט ווייט פון טיר, וואָרים מיר האָט די האַרץ געזאָגט, אַז עס לוינט זיך צוצוהאָרכן. איך האָב געהערט אַז דאָ דאַרף מאָרגן אָנקומען פון מירער ישיבה אַ... ווי רופט מען דאָס? אַ היללע...

לובלינסקי

איר מיינט אַ עילוי.

חיה'עטשקע

לאָז זיין אזוי צו רפואה: אַ אילע. בקיצור, ער קומט צו ר' חייקלען מיט אַ געשריפּץ פון דעם שיווערלאַש אַליין...

לובלינסקי

איר ווילט זאָגן ראש־ישיבה. ווייטער, ווייטער.

חיה'עטשקע

אויב איר פאַרשטייט וואָס איך מיין לאָזט מיר, איך בעט אייך ריידן ווי איך רייד. שטיינס געזאָגט, ווען האָב איך צייט צו לייענען דעם צאינה וראינה! לשון־קדש קען איך ניט. בקיצור, ער קומט מיט אַ געשריפּץ פון דעם רב און מ'זאָגט אַז שיינע עט־לאַכע בעלי־בתים קוואַפּענען זיך אַף אים — אַזא מין למדן איז ער אייך! ער האָט, זאָגן זיי, סליחות... איך מיין סמיכות פון עט־לאַכע גרויסע רבנים און נאָך ר' צמח'ס רייד נאָך איז ער נאָר אַ גרויסער בעל־מטופל, בעל־מיוחס, מיין איך, אויך. אזוי דערציילט ר' צמח דעם בעל־הבית. איצט רופט מיך ר' חייקעל און הייסט מיך אַריינברייגנען שנאַפּס און עפּעס צוצובייסן. ווי איך קום אַריין צוריק מיט די שנאַפּס הער איך ווי דער בעל־הבית זאָגט צו ר, צמח'ן אַז ער לייגט באַם רב איין דריי טויזנט קערבלאַך אזוי גיך ווי דער היללע קומט אָן! דאָ, האָב איך זיך שוין מערניט גע־קענט איינהאַלטן. „וואָס? — האָב איך אויסגעשריען — דריי טויזנט רובל פאַר אַ ישיבה־בחור? ניט דערלעבן זאָל ער דאָס! פאַר די געלט קען מען דאָך קריגן אַן אַפּטייקער, וואָס זאָל פון אים

שמעקן מיילנווייט!" דאָס האָב איך געזאָגט מיט גרויס אימפּעט און איידער איך האָב נאָך געקאָנטשעט, האָט מיין באַק שוין אויס־געזען ווי אַ הייסער ציגל נאָר־וואָס פון ציגעלניע ארויס. ר' חייקעל האָט מיר, פארשטייט איר מיך, געגעבן אומזיסט איינע פון זיינע בעסטע פּעטש און דערצו נאָך אַ טשיסטאָ אַטסטאַווקע *) איך האָב גענומען מיין העקל־פּעקל און בין אוועק.

לובלינסקי

האָט איר וויניקסטענס געזען עמיליען פארן אוועקגיין?

חיה'עטשקע

זאָל ר' חייקעל אַזוי זען דעם פּריץ וואָס איז אים שולדיק צוויי טויזנט רובל. ער האָט מיך ניט געלאָזן ארויפגיין צו איר דער אַלטער אשמדאי. נו, וואָס מיינט איר צוטאָן?

לובלינסקי

איך האָב אַ שטיקעלע פּלאַן און אויב איר ווילט קענט איר מיר העלפן

חיה'עטשקע

איר זייט אַ דאָקטאָר און איך זאָל אייך העלפן? ניט שלעכט, כ'לעבן! אז איר זאָלט למשל דארפן בולבעס שאָבן איז שייך צו זאָגן איך העלף אייך, אָבער דאָ? וואָס קען אייך טויגן מיין הילף? סיידן איר ווילט ר' חייקלען זידלען! דאָס, זעט איר, וואָלט איך שוין פאַר אייך געקאָנט טאָן.

לובלינסקי

שערץ בא זייטע!...

חיה'עטשקע

שמערץ באַס זייט? חי, חי, חי, חי! אָ, איר דערמאָנט מיך אָן דעם שטאָך אין זייט וואָס מיר האָבן ר' חייקלען געזאָגט, אז איר האָט באַ מירעלען געזוכט. חאַ, חאַ, חאַ, חאַ! אז מיר זיינען

---

*) אַ ריינע דעמיסיע (ס'מיינט איר אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע).

ניט צופלאצט געוואָרן לאבנדיק איז טאקע ניסים. הערט וואָס איז געווען, ר׳ חייקעל פרעגט...

לובלינסקי

לאָזט דאָס אויף אַנאַנדער מאָל, מיר איז איצט די צייט צו טייער.

חיה׳עטשקע

און בא מיר, זעט איר, וואָלוועל ווי בלאָטע. בעט מיר גוט, גיב איך אייך פינף טעג צייט פאר איין גוט וואָרט, פאר א רפואה צו אן איינגעשניטענעם פינגער, אָדער צו זייט־שטעכעניש... חא, חא, חא!

לובלינסקי

גענוג, חיה׳עטשקע. לאָמיר ריידן ווי מענטשן. הערט־זיך איין. ווייסט איר, וואו ר׳ צמח דער שדכן וואוינט?

חיה׳עטשקע

ווארום, איר ווילט צו אים גיין? לאָזט אים קראנק זיין אָן א דאָקטאָר.

לובלינסקי

מיט אייך איז היינט גאָרניט מעגלאך צו ריידן. הערט זיך איין, איך בעט אייך, איר ווייסט דאָך וואו ער וואוינט, ניט וואר? גוט. געלט האָט ער דאָך געווים אויך האָלט?

חיה׳עטשקע

צו ר׳ צמח האָט האָלט געלט! ווי א פיאווקע בלוט, ווי א מיידל חתונות, ווי א פיאניצע בראנפן, ווי מירעלע אייך...

לובלינסקי

אָ, איר ברייננט מיך ארויס פון געדולד.

חיה׳עטשקע

נישקשה איך וועל אייך צוריק ארייננברייננגען. מיינע ניין מאָס רייד מוזן ארויס, אניט ווער איך צופלאצט.

לובלינסקי

אויף דעם אופן מוז איך גיין (ער הויבט זיך אויף) מיט אייך איז ניטאָ וואָס צו ריידן.

חיה'עטשקע

זעצט זיך, זעצט זיך — פּאַני דאָקטאָר זאָל מיר אָפּדארן מיין צונג אין מיטן ברכה־זאָגן, אויב איך רייד אויס נאָך א וואָרט. זאָגט, וואָס זאָל איך טאָן?

לובלינסקי

טאָ זייט־זשע א מענטש! הערט, נעמט אָט־די ביידע בריוו, דעם וואָס איז אָן אַן אדרעס טראָגט אַוועק צו מירעלען, דעם אַנ־דערן צו ר' צמח'ן דעם שדכ'ן. אינעווייניק איז דאָ צען רובל — זעט־זשע איר זאָלט אים ניט פארלירן.

חיה'עטשקע

איך לויף לויפנדיק. (זי גייט אַוועק).

לובלינסקי

(אליין) דאָ העלפט גאָרניט. איך מוז מאכן א שווינדל. איך מוז דעם ערשטן מאָל אין מיין לעבן גיין א קרומען וועג, אָבער דער צוועק איז א גוטער און מיין געוויסן זאָגט מיר אז איך טו קיין עולה ניט... אויב ר' צמח איז נאָר א חברה'מאַן ווי איך שטעל מיר פאָר דארף ניט שווער זיין מיט אים צו קומען צו א טאָלק... יאָ! דער עילוי מוז גלייך צוריקפאָרן אין דער מיר און ר' צמח מוז מיך פארשטעלן אַלס עילוי פאר ר' חייקלען — צום גליק האָט ער מיך נאָר געזען אין דער פינסטער איך שרייב גלייך אויף א צעטעלע אז איך פאָר אַוועק אף דריי וואָכן (ער זעצט זיך און שרייבט) אום מיינע פאציענטן זאָלן מיר ניט זוכן און אגב וועט דאָס פארן זשאַנדארמסקי פּאָלקאָווניק אויך צוניץ קומען. ער טאָר מיר ניט טרעפן צו אָפּט אין גאס אין מיין אייגענער געשטאַלט און ווען אים אליין איז בעסער, אז איך זאָל ארומגיין פארשטעלט, אזוי לאַנג ווי איך מוז דאָ בלייבן. אַ, מיין ליבע טייערע עמיליע! דו פארדינסט אַז מען זאָל זיך צוליב דיר אביסל אָנשטריינגען! דו מוזט קריגן נדן פון דיין קארגן פאָטער; דו מוזט מיר ניט זיין צו דאנקבאַר — ווי דו וואָלסט זיין אין דעם פאַל ווען דו קומסט צו מיר ווי דו שטייסט און גייסט. נאָר אין גלייכהייט איז דאָ אמת'ע ליבע און דו מוזט ניט מיינען אז איך האָב מיט דיר

חתונה געהאט פון היילע רחמנות וועגן; איך, ווידער וויל וויסן אז דיך פארבינדט צו מיר ליבע, ניט דאנקבארקייט. (ער קלינגט) איך האָב עמיליען געשריבן אלץ וואָס זי האָט צו טאָן און זי וועט ווארשיינלאך שפילן איר ראָלע גוט. (קלינגט נאָכאמאָל) דינעצקי האָט זיך געמאכט א מאָדע ניט צו ענטפערן... נאָ, „מיט וועלף וויילן, מיט וועלף הוילן" — זאָגט דאָס שפּריכוואָרט. ווען מען האָט צו טאָן מיט די רוסישע רעגירונג און מיט ליבע, ווערט מען ניט ווילנדיק א עילוי... (ער קלינגט פון דאָס ניי) וואָס איז מיט אים דאָרטן?

(דינעצקי קומט אריין האַלב־פאַרשלאָפן מיט א בוך אין האַנט, די האָר צעשויבערט און אָן א ראָק).

דינעצקי

האָט איר דאָס געקלונגען, הער דאָקטאָר?

לובלינסקי

ניין, דער גרויסער גלאָק פון קירך! אין וואָס ביזטו דאָרטן געווען אזוי פארטיפט אז דו האָסט ניט געהערט?

דינעצקי

איך האָב געלעזן דעם בוך וואָס איר האָט מיך געגעבן; עס איז אזא לאנגווייליקער בוך, אז איך האָב ניט געהערט ווי איר האָט געקלונגען.

לובלינסקי

וואָס מיינסטו דערמיט, איך פארשטיי דיך ניט.

דינעצקי

וואָס איז דאָ ניט צו פארשטיין? עס איז געווען אזוי לאנג־ווייליק, אז איך האָב איינגעשלאָפן לעזנדיק, — ווי איר זעט מיך א לעבעדיקן! דאָקטאָר! ווי רופט איר אָט־די קראנקהייט וואָס מענטשן קענען דערפון באנאכט ניט שלאָפן?

לובלינסקי

שלאָפלאָזיקייט — אינסאָמניא.

דינעצקי

פאָלגט מיר, הייסט אלע אייערע פאציענטן וואָס ליידן פון

אינסאָמניאַ לעזן דעם בוך. בעסער ווי אַ תיקון־שבועות, בע־סער ווי דעם שטאָט־מגיד'ס דרשות, בעסער ווי אַ שלאָף־טרונק — ניטאָ אַזאַ מיטל צום שלאָפן ווי דער בוך.

לובלינסקי

(פאר זיך) נאָך אַ חיה'עטשקע אַף מיין קאָפּ, מערניט אין פּלודערן מיט הויכע שטיוול. אַלע ווערן וויציק, ווען מיר איז די קאָפּ פארדרייט. הערצו, דינעצקי, לאָז דיינע חכמות אַף שפּעטער. דערווייַלע נעם אָט־דעם צעטל און קלעפּ אים אָן אפן טיר. איך וועל דריי וואָכן ניט זיין אינדערהיים.

דינעצקי

דריי וואָכן וועט איר ניט 'זיין אין דערהיים? און דערווייַלע וועט אַלע קראַנקע היילן דער אַלטער קאָנאָוואַל, דאָקטאָר חלומאָף? אסור, אויב איך פארגין דאָס דעם קברות־מאַן מיט די חברה־קדישא. אָט ווען דאָס די שמשים אביסל אַ הוליע טאָן! עס וועט גאַנץ ווילנער בראַנפן ניט קלעקן.

לובלינסקי

(פאר זיך) דער יונג איז ניט נאַריש. איך האָף נאָך פון אים אַמאָל עפּעס מאַכן, אָבער גראַדע איצט ערגערט מיך יעדעס וואָרט וואָס ער זאָגט (צו דינעצקי) עס העלפט אָבער ניט איך מוז אָפּפאָרן. זע, אַז עס זאָל אַלעס זיין אין אָרדנונג.

דינעצקי

זאָל איך בלייבן איינער אליין אין הויז?

לובלינסקי

געוואַלד! וואָרום וואָס? האָסטו דען מורא?

דינעצקי

חוץ פאַרן זשאַנדאַרמסקי פּאָלקאָווניק, פאַר קיינעם ניט. הערט, וועט ער שוין מער אהער ניט קומען?

לובלינסקי

דאַכט זיך אַז ניט.

דינעצקי

דאָס איז גוט. איך וואָלט זיך גיכער אָננעמען צו זיין אין אַ

שטוב מיט פופציק טירן אָן איין איינציקע מזוזה צען ווינטערדיקע נעכט נאָכאַנאַנד, איידער צו זיין מיט אים צוויי מינוט גלאַז־נאַ־גלאַז *),—ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן.

לובלינסקי

גוט, גוט! הערצו, מיין פריינט, איך גיי איצט אַף אַ ווײַלע אַוועק (איך מוז גיין באַשטעלן אַ צימער בא אַראַנאָוויטשן) און קום באַלד צוריק, טאָמער קומט אַהער אַן אַלטער איד אין אַ זופּי־צע, היים אים ווארטן. דו הערסט?

דינעצקי

איך הער. איך הער! (דער דאָקטאָר גייט אַוועק) און טאָ־מער מאַכט זיך ערגעץ־וואו אַ קראַנקער, רעכן איך, אַז ס'וואָלט גלייכער זיין אַז איך זאָל זיי די דריי וואָכן אַליין היילן, איידער זיי זאָלן אַריינפאַלן צום קאַנאַוואַל אין די הענט.

(חיה'עטשקע קומט אַריין זייער פאַרסאָפּעט און קוקט זיך גוט אַרום, ביז זי דערזעט דינעצקין).

חיה'עטשקע

וואו איז דער דאָקטאָר?

דינעצקי

וואָס האַרט דאָס אייך?

חיה'עטשקע

מאַכט זיך ניט צום נאַרן, זאָגט וואו איז ער?

דינעצקי

ער איז נאָר־וואָס אַרויסגעגאַנגען. האָט איר אים ניט גע־טראָפן?

חיה'עטשקע

ניין.

דינעצקי

דאָס איז גוט.

---

*) אויג אַף אויג.

חיה'עטשקע

פאַרוואָס ?

דינעצקי

ווייל ער וואָלט געהאַט אַ בייזע באַגעגעניש !

חיה'עטשקע

אַ בייזער יאָר אַף אייך, לויזע מויל! זאָגט וועט ער זיך לאַנג זאַמען ?

דינעצקי

דאַרפט איר דאָס נויטיק וויסן ?

חיה'עטשקע

געוויס דאַרף איך.

דינעצקי

טו לאָזט אויסלייגן קאָרטן.

חיה'עטשקע

איר זייט משוגע, אָדער שכור.

דינעצקי

איך בין ניכטער און באַם זינען — שיין קינד. אויב אייך פעלט וואָס, זאָגט מ י ר, וועל איך אייך פאַרשרייבן אַ רע־צעפּט, ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן.

חיה'עטשקע

איר ? אַזאַ שנעקוץ ווי איר ? איר ? באַ אייך זענען נאָך די באַקן רויט פון יונה דעם מלמד'ס פּעטש. איר שפּילט דאָך גע־ווים נאָך אין צייכן מיט קליינע מיידלאַך. איר זייט אַזוי אַ דאָק־טאָר ווי איך אַ רבצי'ן....

דינעצקי

קיין רבצי'ן זייט איר ניט, אָבער אַ זאָגערקע אין ווייבערשע שול וואָלט איר געקענט זיין, נאָך אייער מיילכ'ל נאָך. יאָ, אַ זאָגערקע, ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן !

חיה'עטשקע

שווייגט גרויסער נאַר ! איך האָב קיין צייט ניט מיט אייך פיל צו ריידן. הערט־צו וואָס איך זאָג אייך, דאָס איז אַ וויכטיקער

אינטערעס. זאָגט דעם דאָקטאָר ווען ער קומט צוריק, אז ער — דער דאָקטאָר ווייס ווען איך מיין — וועט באַלד קומען. פאַר־געסט ניט. (זי גייט און קערט זיך אום) שנעק, כאַפּט זיך ניט היילן קיין קראַנקע. מען וועט שטאַרבן אָן אייך געווען, וואָרים עס באַווייזט זיך סקאַרלאַטין אין שטאָט. זייט געזונט אויב איר קענט, אויב ניט מאַכט אויך ניט אויס; חוץ דעם האָט איר א באַלעבאָס א דאָקטאָר. (זי גייט אוועק).

**דינעצקי**

דאָס איז אביסל אַן אשת־חיל פון א מיידל. זי געפעלט מיר, ווי איר זעט מיך א לעבעדיקן, כאָטש, זי האָט נאָך א גרעסערע מויל ווי איך אליין. זאָל זי זיין א דינסטמיידל? פאַר א דינסט־מיידל רעדט זי צו שיין... נאָר וואָס האָט דאָס צו מיר? ווער קומט דאָ? א, דאָס איז די זופיצע! קומט אריין, קומט אריין, ר' איך מיר וואַרטן אף אייך.

(דינעצקי פאַרויכערט א פּאַפּיראָס. ר' צמח, מיינענדיק אַז דאָס איז דער דאָקטאָר, כאַפּט שנעל אראָפּ די היטל פון קאָפּ און בלייבט שטיין אין יאַרמעלקע).

**ר' צמח**

א טייערן גוטן מאָרגן אייך, פּאַני דאָקטאָר!

**דינעצקי**

(פאַר זיך) אָ, ער מיינט אז איך בין הער לובלינסקי. א שכל ווי איר זעט מיך א לעבעדיקן! (צו ר' צמח'ן) גוט מאָרגן, גוט מאָרגן! וואָס פעלט אייך ר' קרוב? ליידט איר פון מאָגן, אָדער זייט איר אַזוי ניט געזונט?

**ר' צמח**

הע, הע, הע! כלומר'ט איר ווייט'ט ניט פּאַני דאָקטאָר, נאָך וואָס איך קום צו אייך... גידונגט בין איך ברוך התם, הלואי וויי־טער... איך קום...

**דינעצקי**

אָ, איר קומט אהער געזונטערהייט? מיינט איר אפשר אַז מיר מאַכן דאָ געזונטע מענטשן קראַנק?

דינעצקי

חאַס וחלילה, פאַני דאָקטאָר! ווי אַדוי דייט איר מיר גאָר חוטהד אַז איך דאַרף דאָס קענען האָבן במחתבה. אלא וואטה? איר ווילט מטמעות מיט אַן אלטן נאַריטן אידן אביטל לטנות מאכן, נו, אדרבה, אדרבה! פאַר וואָס טאַקי ניט? מאַכט חודק פאַני דאָקטאָר. אפשר האָב איך אין מיינע יונגע יאָרן אויך ניט מקיים געווען ווי עס באַדאַרף צו דיין דעם ומפני תיבה תקום; אפשר האָב איך אויך חכי־ותלולי געמאַכט פון אלטע לייט? אפשר אויך... (ער נעמט אַרויס די טאַבאַקערקע פון בוזים־קעשענע) אַ טמעק טאַביק? (ער באָט אים אָן).

דינעצקי

איך דאַנק אייך, פעטער, איך שמעק ניט. הייסט אייך פעלט גאָרניט. ווען איך האָב אייך דערזען, האָב איך געמיינט אַז איר האָט אַ לונגנפעלער, — ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן.

ר׳ צמח

דאַרף מיך הענט־ניט־געוואַטן, תומר ומטיל דיין, אַ בעל־תפילה אָן אַ לונג!

דינעצקי

אָ, איר זייט טאַקע אַ בעל־תפילה! איך האָב דאָס גלייך געטראַכט, ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן, איר דאַוונט אודאי שחרותים אין אַ מנין צו ימים־נוראים? ווייזט מיר אַקאָרשט אייער האַנט איך וועל זען צו דער פּולס גייט גוט.

ר׳ צמח

ניט נייטיק פאַני דאָקטאָר! ניט נייטיק, בנאמנות!

דינעצקי

ווייזט, ווייזט, לאָמיך זען (ער נעמט אים אָן האַסטיק פאַר האַנט און שיט דערווײַלע אויס די פושקע טאַבאַק) דער פּולס איז גוט.

ר׳ צמח

איי, איי, איי! איר האָט מיר אויסגעטאָטען גאָר די טאַבאַק, פאַני דאָקטאָר.

(ער נעמט צוזאַמען פון ד'ערד טאַבאַק און שמעקט דערוויילע).

דינעצקי

וואו זאָגט איר זייט איר אַ בעל־תפילה?

(אין דעם אויגנבליק זעט מען צוגייענדיק צום טיר דעם פאַלקאָווניק מיט אַ זשאַנדאַרם).

ר' צמח

איך דאוון... פאַני דאָקטאָר וואָס איז דאָס? גיט אַ קוק!

דינעצקי

(וואָרנדיק בלאַס און ציטערנדיק) ר' איד דאָס איז... דאָס איז...

(דער פאַלקאָווניק שטייענדיק דרויסן פרעגט דינעצקין: „דאָקטאָר לובלינסקי דאָמא?").

ניעט וואשע...

(דער פאַלקאָווניק קוקט אים אָן גייט אַוועק לאַנגזאַם האַלב אונטערשמייכלענדיק).

געלויבט דער אויבערשטער ער גייט אַוועק. עס איז מיר איינגעפאַלן דאָס האַרץ פאַר שרעק ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן. ר' איד! ר' איד! וואו זייט איר? ער האָט זיך באַהאַלטן ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן! וואו קען ער, ווער ווייסט זיין? אַביסל אַ טרום! ניט שלעכט, כ'לעבן! אַ, דאָ קומט דער דאָס טאָר!

דאָקטאָר לובלינסקי קומט אַריין אויסטוענדיק די הענטשקעס. ער לייגט אַוועק זיין הוט און וויל זיך זעצן.

לובלינסקי

וואָס איז דאָ פאַר אַ גערודער, דינעצקי?

דינעצקי

דער זשאַנדאַרמסקי פאַלקאָווניק האָט זיך דאָ אויך נאָכגעפרעגט. ער איז אַהער ניט אַריינגעגאַנגען, אָבער דער איד, אין דער זופיצע איז דאָ געווען, אויף וועלכן איר האָט געוואַרט און ווי ער האָט אים דערזען דורכן טיר...

לובלינסקי

ער איז אַלזאָ יאָ געווען דאָ, דער איד?

דינעצקי

יאָ, אָבער דערזעענדיק דעם פּאָלקאָווניק, האָט ער זיך אַזוי דערשראָקן, אַז ער איז באַלד פאַר שרעק געשטאָרבן.

לובלינסקי

וואו איז ער?

דינעצקי

ער האָט זיך ערגעץ־וואו באַהאַלטן. מיר דוכט זיך ער מוז זיין אין שראַנק. נישקשה פון אַ טרום! ווי איר זעט מיך אַ לע־בעדיקן!

ר' צמח

(ארויסשטעקנדיק אַ האַלבע קאָפּ פון שראַנק)

און איר אַליין האָט־טיך כלומרט'ט ניט דערטראָקן?

דינעצקי

אַזוי פעלט אים גאָרניט. דער פּולס איז נאָרמאַל.

לובלינסקי

צו וואָס האָסטו אים אונטערזוכט דעם פּולס?

ר' צמח

(ווידער ארויסרוקנדיק די קאָפּ) דאָס האָב איך אויך געוואָלט וויטן בנאמנות. און ווי איך דע, איד ער גאָר קיין דאָקטאָר ניט. מיר ניט, דיר ניט, כאַפּט ער מיר פאַרן דופק!

לובלינסקי

קומט ארויס, קומט ארויס, ר'צמח!

ר' צמח

וואו איז דער דאָנדאָר, אוועק?

לובלינסקי

אוועק, ווייט אוועק. קומט ארויס, איך וויל מיט אייך ריידן.

ר' צמח

(נאָך אַלץ אין שראַנק) דאָ רייד איך גאָרניט, גאָרניט — פּאָני דאָקטאָר! איך ווייט וואָס פאַר אַ מין פּאָלקאָווניק דאָס

איד... מ'האט ארום אייך גערעדט אין קלויז... איך רייד דא ניט...
תקנות־נפתות... דאט טמעקט מיט טיביר...

לובלינסקי

זייער גוט, אויב איר האט מורא דא מיט מיר צו ריידן, קומט
לאמיר גיין אנדערשוואו...

ר' צמח

טודאמען מיט אייך גיין! גאט איד מיט אייך! וואט רעדט
איר? חט וחלילה, איך בין א טאטע פון קינדער... איך טאר ניט..
וואט טו איך אד מי דעצט מיך אויך אריין! הערט פאני
דאקטאר,

(ער קומט זייער לאנגזאם ארויס פון שראנק און קוקט זיך זייער
פארזיכטיק ארום אין צימער).

טיקט ארויס אייער מענטן, לאד ער דען טו עט דעט טיך ניט א
מונדיר אין גאט, ווארום איך טיי דא ווי אף טפילקעט...

לובלינסקי

דינעצקי, גיי ארויס און זע.

(דינעצקי גייט ארויס, פריער זיך גוט ארומקוקנדיק דורכן
טיר).

ר' צמח

אטרי אדם מפחד תמיד — דאט איז מיין כלל... גלייכער צו
דיין אויפריכטיק...

דינעצקי

(ארייַנקומענדיק) איר קענט גיין, זען זעט זיך קיינער ניט,
אבער גייט אף גיך: וואס ווייס מען ווער עס קען זיך אונטער־
דרייען?

ר' צמח

גערעכט, גערעכט! איך לויף. (ער גייט ארויס).

דינעצקי

(אים נאכשרייענדיק) ר' איד! ר' איד!

ר' צמח

(צוריקקומענדיק) וואט ווילט איר?

דינעצקי

איר האָט דאָ נאָך געלאָזן א פּאָר שמעקן טאבאק אף ד'רערד!

ר' צמח

גייט, גייט, איר דייט א לעט!

(ער לויפט ארוים זייער האסטיק און צוקלאפט זיך דעם נאָז)

רחמנא יצילנו! א גוטן, א גוטן!

פאָרהאַנג.

## צווייטער אַקט
### ערשטע סצענע

(אַ באַלאַסטיאַק'ס צימער. אַ טיש מיט ביכער און פּאַפּירן דאַרויף; חוץ דעם זעט מען אויפן טיש אַ פּאָר זאַקן, אַ וועסט, אַ קאַם און אַ באַרשט).

ר' צמח

מילאַ, אודאי בלייבט עט, פון דרך תלום וועגן וועלן מיר דעם חתן צוריק אוועקטיקן אין דער מיר.

לובלינסקי

וואָס פאַר אַ תירוץ וועט איר אָבער פאַר אים געפינען ?

ר' צמח

פון דרך תלום וועגן וועלן מיר אים דאָגן, אַז דאָ אין טעטיל איד איט' אומדיכער טו דיין מחמת, דאָ דרייען דיך ארום דאַנדאַרן.

לובלינסקי

און ווען דאַרף ער אָנקומען?

ר' צמח

טיידן עט דאָל דיך אים חלילה וחט טרעפן אַ טיבה, דאַרף ער אָנקומען היינט ארום פיר אַ דייגער פאַרטאָג. איך וועל אים ירטה־הטם — גלייך באַגינען דיין אין דער אכסניא און וועל אים געבן אויף הוטאות ער זאָל גלייך פאָרן טוריק אהיים.

לובלינסקי

זאָגט מיר ר' צמח, וואָלט ניט זיין אַ שכל בא אים אָפּצוקויפן זיינע שבת'דיקע קליידער פאַר מיר אָנצוטאָן אום צו גיין צו ר' חייקלען מאָרגן ? אזעלכער פירט געוויס מיט זיך מיט זיינע יום־טוב'דיקע בגדים ווען ער פאָרט טאָן אַ שידוך. וואָס זאָגט איר ?

ר׳ צמח

איר דייט גאַנץ גערעכט, בנאמנות. פון דרך סלום וועגן, קען מען אים עפּיס דאָגן אַ תירוט ווי עט איך, און טאַקע אַפּקויפן אַ מלביש אָדער טוויי.

לובלינסקי

וואָס אָבער וועל איך טאָן אויב ר׳ חייקעל זאָל דורכאויס וועלן אָפּלייגן די חתונה אויף עטלאכע חדשים? ווען עס זאָל דויערן צו לאַנג, קען איך בלייבן אי אַ נאַר, אי אַ בעל־עולה.

ר׳ צמח

דערפאַר דאַרפט איר קיין מורא ניט האָבן. ר׳ חייקעל ווייס גאַנץ גוט, אַז אויף דעם מירער עילוי דיינען דאָ אַ סך בעלנים. ר׳ חאַטקיל דער פרנס פון טול באַט די דעל־ביקע נדן וואָט ר׳ חייקעל גיט און דאָגט נאָך טו אייביקע קעסט אויב דער חתן דאָל וועלן. איך ווייס אפילו אַז ר׳ חייקעל׳ט טאָכטער איד אביטל גיט׳טופלט, אָבער בא אַ עילוי איד דאָט גאָר קיין גרויסער בראָק ניט. חוץ דעם, פּאַרטייט איר דאָך, אַז ער וואָלט דיך וועגן דעם פאַר דער חתונה גאָרניט ארומדען, היינט, דאַרפט איר וויסן, אַז אויף אים קוואַפּעט־דיך חיה־לאה, די טיכל־קרעמערקע, אַ רייכע אלמנה, וואָט האָט דריי טעכטער אלע בגרתען תהגיעו לפּרקן. חוץ איר דיינען דאָ נאָך טוויי בעלי־בתים חטובים, וואָט וואָלטן אים אָפּטיטן מיט גאָלד. בקיטור, אָט דאָט אַלט ווייט ר׳ חייקעד אדוי גוט ווי איך און ער וועט אדרבה דען מיט אַלע כוחות טו מאַכן די חטונה וואָט גיכער. נאָר מירעלען האָט מען געדאַרפט געבן טו וויטן ווי אַדוי מען וויל דאָ פון דרך טלום וועגן ר׳ חייקלען אָפּנאַרן.

לובלינסקי

דאָס איז שוין באַזאָרגט. כ׳האָב איר צוגעשיקט אַ בריוו און אין דעם בריוו האָב איך איר דערקלערט מיין גאַנצן פּלאַן. כ׳האָב נאָר מורא פאַר אַן אַנדער זאַך.

ר׳ צמח

היינו?

לובלינסקי

ר' חייקעל וועט געווים מיט מיר וועלן ריידן תורה און איר פאַרשטייט דאָך געווים אליין, אַז איך האָב שוין זייער לאַנג אַ ספר אין האַנט ניט געהאַלטן.

ר' צמח

גרטא דינקוטא פאַרגעטט מען ניט. אָבער אפילו אַז איר דאַרפט טון טאַקע גאָרניט וויטן דאַרפט איר פאַרטיין אַז ר' חייקעל אַליין איז אויך קיין עוקר־הרים ניט. דאָל דאָס מיר טוקומען וואָס איז פעלט טו ר' חיים וואָלאָדינער. עס קען זיין אַז ער וועט רעכע־נען אַז דאָס וואָס איר רעט מיט אים קיין תורה ניט, איז מחמת איר ווילט אים ניט מלבין פני חבירו זיין... און ווייטט איר נאָך וואָס? איך קען אים דאָגן, אַז איר דייט אַ גרויטער עניו, טאַקע מחמט איר דייט אַ גרויטער חריף ובקי, אַ טטייגער ווי מען דאָגט פונם ר"בטע כביכול במקום טאתה מוטא את גדולתו...

לובלינסקי

היינט דאַרפט איר ניט פאַרגעסן אים צו פרעגן פון וואַנען ער שטאַמט, ווי זיינע עלטערן הייסן און צו זיי לעבן נאָך, טאָמער קומט צו רייד...

ר' צמח

כדרך הטבע. אַז מען גייט טאָן יאָ מיט ליגן — פון דרך טלום וועגן, — דאַרף מען דאָס מאַכן טיין און גלאַט. בקיטור, מיר וועלן דען דאָס דאָל אַלט געטאָן ווערן על טד היותר טוב, מיט מדל...

(ס'הערט זיך הינטערן סצענע פלוצלונג אַ סך שטימען שרייענדיק: וו'פאַליציו יעוואָ *) — „פאַידיאָם, פאַי־דיאָם מאָשעניק" **) א. א. וו. ר' צמח באַהאַלט זיך הינטערן דאָקטאָר).

---

*) אין פאָליציי מיט אים.

**) קום, קום, שווינדלער.

רחמנא יטילנו! דאָס איז דער פּאָלקאָווניק! מען האָט גע־
כאַפּט מיאַטעדטניקעט...

(אין גרוים אויפרעגונג קערט ער איבער דעם טיש און וואַרפט אַלצדינג
אראָפּ אויף דער ערד.)

לובלינסקי

גאָט איז מיט אייך, ר׳ צמח, וואָס טוט זיך מיט אייך!
פאַרוואָס האָט איר זיך דאָ אַזוי דערשראָקן? דאָס פירט מען א
גנב, זעט איר דען ניט?

ר׳ צמח

(ציטערנדיק פון קאָפּ ביז די פיס)

איך בין בטבע ניט קיין טרוט... אָבער היינטיקע טייטן דאַרף
מען זיך היטן... דער קיידער אַליין איז היינט ניט זיכער מיטן
לעבן...

לובלינסקי

דאָ זייט איר גראָד געדעכט, אָבער דערווייַלע זייט איר נאָך
קיין קיסר ניט... א בן־מלך — דאָס יאָ...

ר׳ צמח

הערט, פּאַני דאָקטאָר, ווייטט איר אויף קלאָר אַז דאָרטן איז
מער ניט געווען ווי א גנב, אָבער איר דאָגט פון דרך טלום וועגן...

לובלינסקי

א ליגן? ניין, ר׳ צמח. איך זאָג קיין ליגן ניט. נו, איצט
גיי איך אוועק. מאָרגן גאַנץ פרי ערוואַרט איך אייך דאָ.

ר׳ צמח

איך וועל דיין בא אייך, אם ירצה השם נאָכן ערטטן מנין. א
גוטן! אין דרויטן איז דאָכט דיך ׳טיל, א? גייט נאָך ניט פּאַני
דאָקטאָר, לאָדט מיר פריער ארויטגיין... מען דאָל אונד ניט דען
טודאַמען אפן גאַט... אשרי אדם מפחד תמיד. (גייט ארויס).

לובלינסקי

(אַליין) איי האַלט איר פון דעם פּסוק!

# צווייטע סצענע

(דער זעלבער צימער ווי אין ערשטן אקט, ערשטע סצענע).

ר׳ חייקעל

(אליין)

די נעבטיקע מעשה מיט מירילעם שטעך אין זייט געפעלט מיר ניט א ברעקל. צי האָט זי זיך עפּעם טאַקע ניט צוזאַמענגעשמעקט מיט א היינטוועלטיקן יונגאַצל פון די שקאָלעם. מער וואָלט מיר ניט געפעלט! (ער נעמט ארויס פון בוזים-קעשענע א בריוו) ווי קומט דער בריוו צו איר אין צימער אריין? ווער האָט איר געקענט אריינברייגגען? צו איר איז דער בריוו געווים, אָבער דער שוואַרץ-יאָר וויים וואָס אין אים שטייט. די גאַנצע מגילה איז געשריבן אַף יונית.. משמעות פאַרשטייט זי דאָך דעם לשון, אז מ׳שרייבט שוין צו איר ווי פראָסבעס *) צום גובערנאַטאָר, להבדיל אַף רוסיש? ! נישקשה פון א השלמה פאַר א אידישע טאָכטער! איך האָב געוואוסט, אז פון די פאַטשערעס-לייענען וועט קיין גוטס ניט ארויסקומען און דאָס איז אלץ יענטקע חיה גרונה׳ם ארבעט, די שמאַדעלניצע. ווי א איד היט צו גיין דאַוונען אזוי פלעגט זי צו איר לויפן אלע טאָג... וואָס שרייבט מען איר ווער וויים אין דעם בריוו? געפינען ווער זאָל איבערלייענען קען מען יאָ, אָבער טאָמער שטייט אינעווייניק עפּעם אזוינס וואָס איז א חרפּה פאַר מיין טאָכטער — קען ווערן א שיין גערודער אין שטאָט און דאן... גיי, כאַפּ עילוים! לאָמיך אקאָרשט איר אויספאָרשן. אפשר דערגיי איך וואָס דאָ טוט זיך מיט איר. (ער באַהאַלט דעם

---

*) בקשות.

בריוו און שרייט) מירעלע, מירל, מירקע!

(עמיליע קומט אריין).

קום אהער, מיין טאָכטער, איך דאַרף מיט דיר ארום עפּעסריידן.

עמיליע

ארום וואָס, טאַטע?

ר׳ חייקעל

הערצו מיין קינד. דיין חתן קומט היינט צו אונז. ר׳ צמח האָט מיך געלאָזן וויסן, אז ער וועט אים ברייגגען אזוי גיך ווי ער וועט נאָר קענען.

עמיליע

פון מיינטוועגן האָט ער זיך ניט וואָס צו איילן.

ר׳ חייקעל

וואָס מיינסטו דערמיט?

עמיליע

וואָס איך זאָג: איך וויל פון דיין עילוי ניט הערן און ניט וויסן.

ר׳ חייקעל

וואָ...אָ?

עמיליע

איך רייד, דאכט זיך אידיש. איך וויל אים ניט קענען.

ר׳ חייקעל

איז די מיידל משוגע, שכור אָדער חסר־דעה? רבונו מרא דכולא עלמא! באטראַכט נאָר וואָס דו רעדסט! דו ביזט פון זינען אראָפּ, ווי איך זע.

עמיליע

דערווייל נאָך ניט. טאָמער אָבער ווער איך אמאָל ווירקלאך משוגע, וועסטו דאן צייט האָבן מיר צו שדכ׳נען מיט א סלויזניק א באנק־קווועצער. ניט פריער! אָן א כלה מאכט מען קיין חתונה ניט...

ר׳ חייקעל

מירעלע, דו ווייסט, אז פאר אזעלכע רייד קען מען בא מיר

כאפּן טייערע פּעטש? מיט וועמען רעדסטו? דו פאַרגעסט משמעות ווער איך בין, הא?

עמיליע

טאַטע, איך פאַרגעס דאָס גאָרניט און איך וויים זאָגאַר אַז דו האָסט מיך האָלט, אָבער דיין פוסטע גאווה קען מיך אומגליקלאַך מאַכן אַפּן גאַנצן לעבן.

ר׳ חייקעל

די מיידל איז גאָר פראָסט מטורף. רופסטו דאָס אַן אומ־גליק ווען מען גיט דיר אַ מאַן וואָס איז ראָוי צו זיין אַ רב אין די גרעסטע שטעט פון גאַנץ פּוילן, ליטע און זאַמוט! ווען מען רעדט דיר אַ בחור וואָס האָט צו זיבעצן יאָר דריי מאָל אויסגעהאַט ש׳ס און וואָס איז קלאָר אין פוסקים ווי איך אין אשרי? איז דאָס אַן אומגליק צו נעמען אַ מאַן, וואָס איז מפורסם אין דער גאַנצער מדינה פאַר זיינע צדקות און וואָס קען פּשוט קיין צוויי ניט ציילן! רופסטו דאָס אַן אומגליק — דו בהמה? דו ביזט משוגע, כ׳לעבן!

עמיליע

(זייער אויפגערעגט) טאַטע, איך האָב דיך שטענדיק געערט און געאַכטעט ווי אַ גוטע טאָכטער דאַרף אַ פאָטער ערן. איך בין דיין איינציקע קינד און דו ביזט דער איינציקער פון מיינע עלטערן — ווארום מיין מוטער האָב איך קיינמאָל ניט געקענט. דו קענסט ניט זאָגן אַז איך בין צו דיר געווען אַ שלעכטע טאָכטער, אָבער דו וועסט מיך מיט דיין פירונג מאַכן פאַר שלעכט. איך זאָג דיר, אַז דו וועסט מיך מאַכן... איך וויל אזוי ווייט ניט ריידן... אויב דו וועסט מיך צווינגען צו נעמען אָט־דעם ישיבה־בחור.

ר׳ חייקעל

צווינגען? ווער וויל דיר צווינגען? אַז דו וואָלסט האָבן שכל וואָלסטו מיר די פיס וואַשן און די וואַסער טרינקען פאַר אַזאַ מאַן — דו וואָלסט אַליין וועלן...

עמיליע

נו, טו זאָג איך דיר אַז איך האָב דעם שכל ניט. איך וועל גיכער גיין יונגערהייט אין ד׳ערד אריין איידער איך וועל נעמען אַ

פּראַ־אדם, װאָס קען, װי דו זאָגסט, קײן צװײ ניט צײלן, פּאַר אַ מאַן. לאָז װער עס װיל זײן אַ רבצין אין אַ גרױסע שטאָט, איך װיל בעסער זײן אַ שוסטערקע אין אַ קלײנע...

ר׳ חייקעל

אזוי גאָר? אַ שוסטערקע? איך האָב געמײנט אַז אַ מײדל װאָס קוקט אַרײן, בעונותינו הרבים, אין פּאַטשערע־ביכלאַך װעט זיך לכל־הפּחות צילעװען צו אַן אַפּטײקער, אָדער צו אַ דאָקטאָר... דו, װי איך זע, װילסט גאָר אַ שוסטער!

עמיליע

איך צילעװע זיך צו גאָרנישט און איך װיל נאָך גאָרניט חתונה האָבן, אָבער זאָגן מעג איך דיר — דו ציסט מיך דאָך אַלײן פאַרן צונג! — זאָגן מעג איך דיר אַז אין מײנע אױגן איז אַ שוסטער אַן ערלאַכער שוסטער אַ סך חשובער װי אַ ישיבה־בחור.

ר׳ חייקעל

נישקשה, און אױגן האָסטו, כ׳לעבן! דײן מאַמע עליה־השלום האָט געהאַט עפּעס אַנדערע אױגן, דײן באָבע און דײן על־טער־באָבע האָבן דאַכט זיך אױך געהאַט אַנדערע אױגן, נאָר משמעות, איז דאָך טאַקע דײן קוק אַ בעסערער װי אַלעמענס! פונדעסטװעגן... נאָר לאָמיר רײדן אַרום אַנאַנדער זאַך. זאָג מיר קרױן־לעבן באַקומסטו אָפט בריװ — רוסישע בריװ — פון שוס־טערם?

עמיליע

(געטראָפן) איך... בריװ? װאָס מײנסטו דערמיט? איך פאַרשטײ ניט פאָטער...

ר׳ חייקעל

(האסטיק) רוף מיך ניט פאָטער, איך בעט דיך! איך דאַרף ניט דײנע טײטשערעס! רוף מיך טאַטע, װי איך האָב דײן זײדן עליו־השלום גערופן. זאָג מיר — איך פרעג דיר נאָכאַמאָל — שרײבן שוסטערס צו דיר אָפט רוסישע בריװ? לאָמיך װיסן.

עמיליע

צו מיר שרייבט... קיינער ניט.

ר' חייקעל

(ארויסנעמענדיק פון בוזים דר. לובלינסקיס בריוו)

אט־דעם בריוו האט אויך קיינער ניט געשריבן? דער קיי־נער ניט דיינער שרייבט א גאנץ שיינע האנט, בנאמנות! קיינער ניט איז משמעות א כאדאטאי *) אדער א פראסטע־שרייבער.

עמיליע

לאמיר נאר זען וואס דאס איז פאר א בריוו.

ר' חייקעל

זען? פארוואס ניט? אבער פון וווייטן, פאני שוסטערקע, פון ווייטן.

עמיליע

(איבערראשט — פאר זיך) דאס איז פון אים! (הויך) גיב מיר דעם בריוו! איך מוז זען וואס מען שרייבט מיר.

ר' חייקעל

דו מוזט? א מוז איז א נדר, מיין טאכטער, זאג דאס בע־סער ניט, ווארום איך וועל דיר...

(ער צינט אן א ליכט און פארברענט דעם בריוו — דאס טוענדיק זייער געלאסן)

עמיליע

(פאר זיך) אף דאס וואלט איך ניט גערעכנט (הויך) פאטער ווארט א ווייילינקע, איך קום באלד צוריק. (זי לויפט האסטיק ארוים).

ר' חייקעל

מירקע! וואו לויפסטו? ביזטו טאקע משוגע געווארן? א, היינטיקע קינדער, היינטיקע קינדער! איך מוז איר נאכגיין. איך מוז וויסן וואוהין זי גייט. (גייט ארוים).

---

*) שתדלן.

(די סצענע בלייבט איניקע סעקונדן פוסט. נאכהער קומט אריין חיה'עטשקע זייער פארסאָפּעט).

חיה'עטשקע

געלויבט דער אויבערשטער! דער אַלטער אשמדאי איז ניטאָ אין דערהיים; איך וועל קענען מיט מירלען פריי ריידן... אָ, ווער וואָלט דאָס אויפן דאָקטאָר געטראכט! ער זאָל דאָס אַזוי פירן מיט אַ גוטע אומשולדיקע מיידל! מירילע! מירילע! — דאָס איז קלאָר ווי דער טאָג. דינעצקי וועט מיר קיין ליגן ניט זאָגן. מיר איז גלייך ניט געפעלן געוואָרן וואָס ער האָט מיך געשיקט צו ר' צמח'ן? ווי קומט אַ דאָקטאָר צו אַ שדכן! — מירעלע! וואו זייט איר? — די היינטיקע לאַכן פון שדכנים, אָבער אַז מען דאַרף טאַקע אַ כלה מיט צען טויזנט שעמט מען זיך ניט צו נעמען אפילו פון ר' צמח'ס האַנט אויך! מירעלע! אָ, איר קומט... וואָס איז דאָס? אירע אויגן זענען רויט! (צו עמיליען) וואָס איז אייך?

עמיליע

אָ, איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטן!

חיה'עטשקע

וואָס? וואָס? דערציילט.

עמיליע

לאָז מיך קומען צו אָטעמען, איך, איך... וואַרט, איך וועל דיר דערציילן.

חיה'עטשקע

אָט אַזוי האָט יעדער זיין פּעקל! דאַכט זיך, גוטע מעל, גוטע הויוון, גוט געקנאָטן, זאָלסט אין מאָס און עס גייט, האַכט זיך, אויף און עס בעט זיך אין אויוון — מיטאַמאָל נאַדיר! אָט פּלאַצט די דייזע און ניטאָ קיין ברויט! אַ תל־עולם פון די גאַנצע האָרעוואַניע. היינט לעב אַף דער וועלט!

עמיליע

וואָס בורבעלסטו דאָרטן אונטערן נאָז?

חיה'עטשקע

איך רייד מיט זיך אליין... ווער וואָלט דאָס גערעכנט?

עמיליע

אז מען זאָל אים ארייַנזעצן?

חיה׳עטשקע

וועמען?

עמיליע

רעדסטו דען ניט וועגן דעם... דעם דאָקטאָר.

חיה׳עטשקע

געוויס רעד איך אַרום אים, אָבער וואָס האָט אַרייַנזעצן צו אים?

עמיליע

בהמה! וואָס הייסט — וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט אים? עס האָט, ליידער, זייער פיל צו טאָן מיט אים. ווייסטו דען ניט אַז ער זיצט?

חיה׳עטשקע

זיצט? וואו?

עמיליע

וואו? אין טורמע זיצט ער. אין אַ פינסטערע טורמע, צווישן הייליע פיר ווענט איינגעשלאָסן ווי אַ ווילדע חיה אין אַ שטייג, און ניט האָבן מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורייידן, אָן אַ בוך אפילו...

חיה׳עטשקע

אָבער ווער זיצט דאָרטן?

עמיליע

ווער? ווער? פון וואַן־אַן ביסטו דאָס אַזוי נאַריש געוואָרן? וואָס הייסט ווער? ער, דער דאָקטאָר, מיין לובלינסקי, מיין לעבן! פאַרשטייסטו איצט שוין ווער?

חיה׳עטשקע

ער זיצט אין טורמע? ווער האָט דאָס אייך געזאָגט?

עמיליע

וואָס דאַרף מיר ווער זאָגן? פאַרשטיי איך דען אַליין ניט? איך קום צו לויפן צו זיין וואוינונג געפין איך די טיר פאַרשלאָסן

און אפן טיר א צעטעלע אז ער איז אַפּגעפאָרן. פארשטיי איך דען נים וואָס דאָס האָט צו באַטייטן.

חיה'עטשקע

איר לעבט אין טעות, עמיליע, איך וויים בעסער ווי איר וואו ער איז און וואָס ער טוט.

עמיליע

דו ווייסט בעסער? וואָס ווייסטו בעסער? רייד, רייד־זשע! די ווערטער ציען זיך היינט בא דיר פון מויל אַקוראַט ווי פון פּעך. נו, וואָס שווייגסטו?

חיה'עטשקע

אז איר וואָלט מיר נאָר לאָזן ריידן וואָלט איך אייך שוין דער־ציילן. א בייזע מזל מיינער איז דאָס אַביסל? וואו נאָר עס איז דאָ א שלעכטע בשורה מוז איך זיין די אָנזאָגערקע!

עמיליע

וועסטו ריידן אָדער ניט? וואָס קוועלסטו מיך?

חיה'עטשקע

איר קענט דעם יונגן מאַן וואָס לערנט זיך באַם דאָקטאָר?

עמיליע

(צעשטרייט) ניין.

חיה'עטשקע

איר קענט ניט דעם בחור וואָס שווערט זיך רק „ווי איר זעט מיך א לעבעדיקן?"

עמיליע

אָ, עם מיינסטו? יאָ, יאָ! נו!

חיה'עטשקע

ער האָט מיך דערציילט, אז דער דאָקטאָר איז געווען עטלאָ־כע מאָל צוזאמען מיט ר' צמח'ן און אז ער איז אוועקגעפאָרן טאָן א שידוך...

עמיליע

ווער?

חיה'עטשקע

דער דאָקטאָר און ער נעמט א מיידל פון אראָדנע מיט צען טויזנט קערבלאַך נדן.

עמיליע

דאָס האָט דיר דערציילט?

חיה'עטשקע

דינעצקי, א שיין יונגער מאן.

עמיליע

אָ, (זי פאלט אין חלשות).

חיה'עטשקע

זי חלש'ט... עסיק, וואסער, וואו נעמט מען עסיק? אָ, אָט איז עס! ר' חייקעל! ר' חייקעל!

(ר' חייקעל קומט אריין און ניט באַמערקנדיק עמיליען, הויבט ער אויף דעם שטעקן אף חיה'עטשקען מיט א שרעקלאכע אימפעט).

ר' חייקעל

וואָס ר' חייקעלסטו מיר דאָ? ארוים חצופה פון מיין הויז. א זוואַניע זאָל פון דיר ניט בלייבן, א ניט צושלאָג איך דיר רוק און לענד, דו שטיק פאדלע! דו!

חיה'עטשקע

משוגענער איד! זעט איר ניט אז אייער טאָכטער ליגט א גע'חלש'טע!

ר' חייקעל

וואָס? אַ, רחמנא יצילנו! מירעלע! מירעלע! מיין קינד, מיין איינציק קינד! מירעלע!

(עמיליע עפנט אויף די אויגן).

עמיליע

ווער איז דא? אָ, אָ! ביזטו דאָ טאַטע? זעץ זיך... מיר איז איצט בעסער. זעץ מיך אוועק אויפן זאָפע... אָט אזוי...

ר' חייקעל

געלויבט דער אויבערשטער, זי וועט געזונט זיין.

חיה'עטשקע

אויב איר וועט איר לאָזן צורו!

ר' חייקעל

ארויס, חצופה פון מיין שטוב. דאָס האָסטו איר מסתמא טאַקע איבערגעשראָקן. גיי, מען וועט אויסקומען אָן דיר.

(חיה'עטשקע גייט אוועק).

(פאַר זיך) עס איז בא מיר איצט קיין שום ספק ניטאָ, אַז דער דאָקטאָר'ל — ימח שמו! — האָט איר צוגעטרונקען. וויים דער אויבערשטער וואָס דערפון וואָלט געוואָרן ווען דער שוואַרץ־יאָה וואָלט אים ניט אוועקגעריסן פון דאַנען. ווי פייטל דער סרסר האָט מיר נאָר וואָס איין גאַס געזאָגט, איז ער אוועקגעפאָרן קיין הוראָדנאַ אַ שידוך טאָן. אויב זי וויים דאָס נאָך ניט איז גלייכער אַז זי זאָל וויסן. איך האָב צו גאָט, אַז איך וועל נאָך אם ירצה השם אויספירן מיין מחשבה אויף אַלע מיינע שונאים'ס צעפלאַצענעס.

עמיליע

(פאַר זיך) וואָס רעדט ער דאָרטן ארום אוועקפאָרן? די גאַנצע שטאָט מוז דערמיט שוין פול זיין. (הויך) ווער זאָגסטו, איז אוועקגעפאָרן, טאַטע?

ר' חייקעל

אָט־דער יונגער דאָקטאָר וואָס מען האָט צו דיר אייערנעכטן גערופן.

עמיליע

אָ, ער! אן עבירה פונדעסטוועגן, ער איז אַ גוטער דאָקטאָר, כמעט דער איינציקער אין שטאָט.

ר' חייקעל

דאָס איז אַ קנאָפּע דאגה. היינטיקע צייטן זענען דאָ מער רופאים ווי חלאים. אָבער חוץ דעם, הער איך, אַז ער קומט צוריק.

עמיליע

זאָגט מען אזוי?

ר' חייקעל

פייטל דער סרסר זאָגט, אַז ער ניט מער געפאָרן קיין הוראָדנאַ

ווי חתונה האָבן. (פאַר זיך) איצט איז די מעשה קלאָר ווי דער טאָג — צוגעטרונקען.

עמיליע

טאַטע. ווען האָסטו געזאָגט וועט דער חתן קומען?

ר' חייקעל

(מיט שמחה) באַלד, מיין קינד, באַלד!

עמיליע

איך וואָלט וועלן שפּעטער גיין זיך נעמען אַף אַ פּאָר קליי־דער...

ר' חייקעל

טאַקע אַזוי, טאַקע אַזוי מיין טאָכטער. אָט איצט רעדסטו ווי אַ מענטש.

עמיליע

אויב דו האָסט באַ זיך, גיב מיר אַ פופציקער, איך וועל דיר די רעשטע צוריקברענגען — גיב מיר טאַקע שוין, איך זאָל דיר ניט דאַרפן מאַראַטשען אַרום דעם נאָכאַמאָל די קאָפּ.

ר' חייקעל

בשמחה רבה מיין קינד! נאַ, אָט איז איין פינף־און־צוואַנ־ציקער; דעם אַנדערן וועל איך דיר שפּעטער געבן — פּייטל דאַרף מיר ברענגען געלט.

עמיליע

אויב דו האָסט ניט מער, העלפט דאָך ניט, אָבער צו־וואָס זאָל איך דיר אַלע ווײַלע דרייען די קאָפּ...

ר' חייקעל

(פאַר זיך) פופציק רובל אַף אַמאָל, דאָס איז עפּעס צו האַמעט־נע, נאָר איך מוז איר איצט אַלץ נאָכגעבן (הויך, איר געבנדיק נאָך אַ 25קער) אפשר בײַזטו אויך גערעכט, איך האָב ניט געוואָלט בלייבן גאָר אָן געלט. גיי אָבער נאָך איצט ניט, מייטן טאָכטער... ר' צמח דאַרף באַלד קומען (ער קוקט אַרויס דורכן פענסטער) אָט גייען זיי! הערצו מיין קינד, נויטן וועל איך דיר ניט, וואָס וועט באַשערט זיין פון גאָט וועט ווערן — טו מיר אָבער ניט אָן קיין ביושים. אַ,

די היינטיקע משכילים! ווייסטו וואָס איך האָב געהערט מיין טאָכטער? מען זאָגט אין שטאָט אז דער דאָקטאָר'ל וואָס איז דא געוועזן בא דיר האָט שיינע עטלאָכע מיידלאַך די מוחות פארדרייט. אנדערע ווילן האָבן אז ער האָט זיי ממש צוגעטרונקען. אָ! די פאַלשע מטבעות! גלאַטע צינגאַלאַך אין מויל, שטעכעדיקע דער נער אין הארצן... זיי קומען מיין טאָכטער.

עמיליע

האלב איז ער גערעכט...

(זי זעצט זיך אין דעם ווינקל וואָס קומט אויס פון דער לינקער זייט סצענע צום פובליקום און פארדעקט די אויגן מיט אַ טאַשנטוך. לובלינסקי פאַרשטעלט און ר' צמח קו־מען אריין).

ר' חייקעל

ברוכים הבאים אידן! ברוכים הבאים! אורח, שלום עליכם! גוט מאָרגן ר' צמח. זיצט זיך, זיצט זיך!

ר' צמח

אונדער אורח איד אביטל אָנגעמאַטערט פון וועג. וואָס מאַכט די כלה דאָל לעבן?

ר' חייקעל

זי איז לא עליכם ניט אין גאַנצן! מירעלע, מיין קינד, גיי ברייננ וואָס אריין א שנאַפס, פארבייסן! מיין דינסטמיידל איז גראָד היינט אוועק.

עמיליע

(גיט אויפן חתן אַ קוק פון אַ זייט, אָבער זי זעט זיין געזיכט ניט).

און אזא ווילדע בריה זאָל איך האָבן פאר א מאַן! ניט דער־לעבן זאָלן דאָס מיינע שונאים!

ר' חייקעל

גיי, מיין טאָכטער, גיי!

(עמיליע גייט ארויס).

לובלינסקי

(פאר זיך) זי שפּילט איר ראָלע זייער גוט.

ר׳ חייקעל

וואָס זאָגט איר?

לובלינסקי

איך זאָג, אַז אַף אַזעלכע שטולן ווי אייערע זיצט זיך גאַנץ גוט.

ר׳ חייקעל

משמעות, היינטיקע עילוים זענען אויך ניט וואָס פאַרצייטיקע. מען קלייבט טאַקע עולם הבא און מען וויל דערווײַלע עולם הזה אויך האָבן...

ר׳ צמח

מהיכי תיתי? פאַר וואָס טאַקע ניט? אַמט אונדערע חכמים האָבן געזאָגט: פּת במלח תאכל ומים במשורה ת׳תה, אָבער אַז מען קען טאַקע האָבן תורה וגדולה במקום אחד. פאַר וואָס ווידער ניט?

ר׳ חייקעל

אפשר זייט איר אויך גערעכט, וואָרום נאָך אַלע מעשיות מי לנו גדול מ׳ר יהודה הנשיא?

ר׳ צמח

אונדזער אורח ליגט ניט אין געלט, אָדער אַז ער וועט טאַקע אַם ירטה הטם האָבן עטלאַכע טויזנט קערבלאַך...

ר׳ חייקעל

איך גיב דריי...

ר׳ צמח

דאָס מיין איך דאָך. אַז ער וועט טאַקע אַם ירטה התם האָבן דריי טויזנט קערבלאַך און דיין אויטקומענעט בהרחבה פון די רבנות, וועט ער בודאי קענען דינען העַנט אונגעוואַטן אַן דאגות עולם הזה און טובריינגען דיינע יאָרן און טעג על התורה ועל העבודה.

ר׳ חייקעל

איז ־׳ פּריץ נאָך אַלץ דער משגיח פון דער ישיבה אין דער מיר?

לובלינסקי

יאָ.

ר' חייקעל

גיט די ישיבה אַרויס אַ סך וואויל־לערנער?

לובלינסקי

וואויל־לערנער? יאָ.

ר' חייקעל

משמעות, ניט אַלע פון זיי זענען נאָכדעם ראוי להוראה — וואָס?

לובלינסקי

איך, למשל, געווים ניט.

ר' חייקעל

(צו ר' צמח'ן) וואָס פאַר אַן עניו!

ר' צמח

האָב איך ניט געזאָגט?

ר' חייקעל

אפשר מיינט איר, איר זייט ניט ביכולת צו זיין אַ רב מחמת איר ווילט קיין צייט ניט מבלה זיין אויף קהל'שע ענינים? איז דער ווילנער גאון, זכרון צדיק לברכה, געווען אַ רב? איז ר' ישראל סאַלאַנטער אַ רב?

לובלינסקי

ניין, איך בין טאַקע ניט ראוי. ווער בין איך? אַ פחות שבפחותים...

ר' חייקעל

(צו ר' צמח'ן) איי, איי, איי, וואָסערע עניוות! אָט זעט מען טאַקע דעם גדול הדור!

ר' צמח

איך האָב אייך קיין ליגן ניט געזאָגט. — וואו איז די כלה מיט די טנאָפּט?

ר׳ חייקעל

עס איז מסתמא אויסגעגאנגען שנאפס אין שטוב איז זי נע־געגאנגען קויפן.

לובלינסקי

דאָס שיקט זיך ניט. ווארום אין פלוג איז דאָך א קשיא... ניין, מוז איך טאקע זאָגן... א, האָט קיין פאריבל ניט אידן איך האָב זיך פארטראכט...

ר׳ צמח

רק אין תורה, רק אין תורה ליגט דיין קאָפּ... דאָס האָט ער גערעדט מיט דיך.

ר׳ חייקעל

אָ, אזוי? איך האָב געמיינט ער רעדט מיט מיר. ר׳ צמח, די נדן ליגט שוין איינגעלייגט באם רב.

ר׳ צמח

ער וויל טאקע אריינגיין צום רב און צום פרנס פון די גרויטע טול אויך.

ר׳ חייקעל

וואָס וועט ער גיין צום פרנס? וואָס וועט ער דאָרטן טאָן? באם רב, זעט איר שיקט זיך.

ר׳ צמח

ווען מיינט איר צו מאכן די חתונה?

ר׳ חייקעל

וואָס גיכער, מחמת איך מוז נאָכדעם אוועקפאָרן אף עטלאכע חדשים. אויב אונזער חתן וויל, קענען מיר אָפּשטעלן חפה די קור־מענדיקע וואָך...

לובלינסקי

פונדעסטוועגן איז דאָך פאָרט ניט רעכט. בשלמא נאָך דעם מאָן — דאמר נאָך וואָס זאָגט... א, האָט קיין פאראיבל ניט, וואָס האָט איר געזאָגט?

ר׳ צמח

ר׳ חייקעל זאָגט, אַז אויב איר דאַלט מרוטה דיין, קען מען מאַכן די חתונה די קומענדיקע וואָך, אין אַ מדל׳דיקע טעה!

לובלינסקי

אָ, די חתונה! נו, פון מיינטוועגן...

ר׳ חייקעל

מירעלע זאמט זיך פונדעסטוועגן צו לאַנג....

לובלינסקי

איז דאָס די מירל אַ טאָכטער דעם מחותנ׳ס אָדער אַ שנור.

ר׳ חייקעל

די כלה.

לובלינסקי

נו, אַז די כלה? איז וואָס?

ר׳ צמח

גאָט איך מיט אייך, מוז די דאָך זיין אַ טאָכטער!

לובלינסקי

אודאי! אודאי, איר זייט גערעכט. נאָר מכוח דעם וואָס דאָרטן איז אַ תרתי דסתרי, ווייל אין דער פלוגתא... נו, מילא בכן? מען קען דאָס פארענטפערן... אַ, האָט קיין פאריבל ניט מחותן... אזוי בלייבט עס, זי איז אַ טאָכטער און טאקע ניט קיין שנור, ווארום זאָל עס אַנדערש זיין, אַז וואָס? אַז אַ שנור? וואָלט זי דאָך קיין כלה ניט געקענט זיין אלא מוז איך טאקע זאָגן, אַז אַ טאָכטער.

ר׳ חייקעל

וואָס פאר אַ מח! ער איז אזוי פארטאָן אין תורה אַז עס קריכן גאָר וועלטלאַכע ענינים אין קאָפּ ניט.

ר׳ צמח

האָב איך אייך ניט געדאָגט?

פון דעסטוועגן זאמט זי זיך מירעלע צו לאַנג... אהא, אָט קומט זי, איך הער אירע טריט... ניין, דאָס איז גאָרניט זי... די

חצופה? אויך ניט. אָ, די שכנ'טע. קומט אריין, ציפּה, קומט אריין.

(לובלינסקי קערט זיך אָפּ אום כלומרש'ט ציפּה'ן ניט צו זען).

וואָס ברייננט איר גוטס?

**ציפּה**

איך בין נאָר וואָס געווען אויפן פּאָצט...

**ר' חייקעל**

האָט מען אייך אפשר געגעבן א בריוו פאר מיר?

**ציפּה**

ניין, אָבער די פּאָצט פארשטייט איר מיך איז ארויסגעפאָרן פון שטאָט...

**ר' חייקעל**

נישקשה פון א נייעס, כ'לעבן. די פּאָצט גייט ארויס דריי מאָל אלע וואָך...

**ציפּה**

איר זייט גערעכט, נאָר איך האָב געמיינט אז איר ווייסט אפשר ניט, אז אייער טאָכטער איז אוועקגעפאָרן.

**ר' חייקעל**

מיין טאָכטער?

**לובלינסקי**

אָ, וואָס איז דאָס?

**ר' צמח**

רחמנא יטילנו!!

**ציפּה**

און לעבן איר איז געזעסן אן אָפיצער.

פאָרהאַנג.

# דריטער אַקט

## ערשטע סצענע

(דר. לובלינסקי'ס אויפנאַם־צימער. פרימאָרגן).

דינעצקי

זאָגט מען אין שטאָט נאָך אַלץ אַז זי איז אַנטלאָפן געוואָרן מיט אַן אָפיצער?

חיה'עטשקע

נאָך אַלץ? זיי הויבן ערשט אָן און דאָס זאָגן אַלע, חוץ ר' חייקעלס גוטע פריינט וואָס זיי זענען אינגאַנצן צוויי פּאַרשוין — ר' פייטל דער סרסר און ר' חייקעל אַליין.

דינעצקי

איר רעדט ווי אַ חכמה, ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן!

חיה'עטשקע

און די גאַנצע סומאַטאָכע האָט איר אָנגעמאַכט, גרויסער נאַר! וואָס זייט איר אויסגעפאַלן צו זאָגן אַז דער דאָקטאָר איז אוועקגעפאָרן טאָן אַ שידוך? אַז מען האָט שוין יאָ אַ צונג, דאַרף מען דאָס רק באַלעבאָצן?

דינעצקי

איר זייט גערעכט, חיה'עטשקע, אָבער, ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן איך האָב גאָר אַנדערש אַליין ניט גערעכנט; שטעלט זיך נאָר פאָר! מיט אַמאָל ווערט באַ אים אַ פּלאַן אַוועקצופאָרן אויף דריי וואָכן פון דערהיים; פאַרן אַוועקפאָרן הויבט ער זיך אָן אַרומצופירן מיט דער זופיצע... איך מיין מיט דעם שדכן צמח

וואָס שטעקט אין איר...; דערצו הויבט ער זיך אָן פון מיר צו באַ־האַלטן און זיך פאר מיר צו היטן. וואָס־זשע האָב איך געקאָנט אנדערש רעכענען...

חיה'עטשקע

רעכענען! מיר אָבער האָט איר ניט געזאָגט אז איר רעכנט. מיר האָט איר געזאָגט אז איר ווייסט אַף קלאָר. ווען איך זאָל היינטיקן טאָג ווּיסן, אז איר רעדט ניט פון סידור, נאָר פון שלאָף, וואָלט איך ניט כאַפּן גיין איבעררייידן אייערע נאַרישקייט.

דינעצקי

איר זייט נערעכט, חיה'עטשקע, אָבער, ווי איר זעט מיך א לעבעדיקן, איך האָב קיין בייז ניט געמיינט. זאָגט מיר, וואו האַלט איצט? איז דאָס אמת, וואָס איך האָב געהערט, אז ר' חיי־קעל האָט אויפן שטעל ארויסגעשיקט אַ שטאַפעט און אז מען האָט עמיליען אומגעקערט ווען זי איז שוין געווען אפן מיטן וועג קיין גראָדנאָ?

חיה'עטשקע

דאָס איז אמת, און ווען ר' חייקעל האָט איר געזאָגט אַז אין שטאָט איז ארוים אַ קלאַנג אַז זי איז אנטלאָפן געוואָרן מיט אַן אָפיצער האָט זי פון דאָס ניי גע'חלש'ט.

דינעצקי

וואָס איך הער! נו, און וואָס איז איצט?

חיה'עטשקע

וואָס זאָל איצט זיין? עמיליע הערט נעבאך ניט אויף צו וויינען, ווארום, זי איז אין אייער דאָקטאָר פארליבט ביזן האַלז, אָבער איר שאַנדע איז אזוי גרויס, אז זי איז שוין אַף אַלץ מרוצה.

דינעצקי

אַ ביטערער רחמנות, ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן! צו ער איז יאָ אוועקגעפאָרן טאָן אַ שידוך, צו ניט — דאָס ווייס איך ניט, נאָר ווי עס שיינט וואָלט לובלינסקי איצט פון איר זיך וועלן אָפּ־שאָקלען. אניט וואָלט ער ניט צולאָזן, אז זי זאָל חתונה האָבן מיט אזא מנובל.

חיה'עטשקע

ווייס אים דער גוטער יאָר. דערווייל איז ער ניטאָ און מירע־לע האָט היינט פארנאַכט חתונה מיטן מירער עילוי.

דינעצקי

היינט פארנאַכט? דאָס איז משוגענער־ווייז גיך, ווי איר זעט מיך א לעבעדיקן!

חיה'עטשקע

גיך? א ברעקל ניט. ר' חייקל האָט מורא אָפּצולייגן די חתונה אפילו אויף היינט פארנאַכט אום דער כשר'ער בהמה'לע, דער עילוי, זאָל ניט קריגן צו וויסן וואָס מען רעדט אין שטאָט אויף די כלה.

דינעצקי

וואו איז ער אייגנטלאך?

חיה'עטשקע

איך האָב געהערט, אז ער איז בא ר' צמח'ן און אז ער לאָזט צו אים קיינעם ניט צו...

דינעצקי

די חתונה וועט מסתמא זייער א פּאראַדנע ניט זיין...

חיה'עטשקע

וואו פּאראַדנע? ר' חייקעל האָט אפילו זיינע אייגענע קרובים ניט געבעטן. די חופּה וועט פאַרגעשטעלט ווערן אויסן שטאָט ניט ווייט פון די רויטע קרעטשמע. אינגאַנצן וועלן דאָרטן זיין א מנין פּרושים, חתן־כלה, ר' חייקעל, ר' צמח און ר' פייטל דער סרסר.

דינעצקי

נו, אויף דערוויף וואָלט איך זיך ניט געריכט, ווי איר זעט מיך א לעבעדיקן!

חיה'עטשקע

הערט, דינעצקי, געוואוינט זיך אָפּ פון אייער: ווי איר זעט מיך א לעבעדיקן. איר ווייסט אסור ווי מיאוס דאָס איז.

דינעצקי

אויב איך געפעלט דאָס ניט, וועל איך דאָס מער ניט זאָגן.

חיה'עטשקע

זאָגט איר מיר דאָס צו?

דינעצקי

מיטן גאַנצן הארצן, חיה'עטשקע, ווי איר זעט מיך אַ לעב...

חיה'עטשקע

חאַ, חאַ, חאַ! איר זייט אַ מאָדנער בחור, דינעצקי. איר קענט אָן דעם ניט ארויסריידן קיין דריי ווערטער.

דינעצקי

איר זייט אַ וואוילע מיידל, ווי איר זעט....

חיה'עטשקע

טירוף! שוין ווידער?

דינעצקי

ניין, ניין! מער זאָג איך דאָס ניט. עס וועט מיר קאָסטן געזונט אויפן פוד, אָבער איך וועל זען זיך דערפון אָפּצוגעוואוינען, ווייל אייך איז...

חיה'עטשקע

וואָס עפּעס ווייל מיר? פון מיינטוועגן מעגט איר גיין מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף. וואָס מיר הארט פאַר אייך!

דינעצקי

אייך הארט יאָ פאַר מיך, אַ־ניט וואָלט איר מיר קיין מוסר ניט זאָגן מיט אַזוי פיל הארץ. ווייסט איר נאָך וואָס?

חיה'עטשקע

דהיינו?

דינעצקי

איר האָט מיך האָלט...

חיה'עטשקע

איך אייך האָלט! חאַ, חאַ, חאַ! זאָגט מיר, איך בעט אייך, פאַר וואָסערע מעשים טובים ליב איך אייך?

דינעצקי

פאַר וואָסערע מעשים טובים ליב איך אייך?

חיה'עטשקע

זאָלט איר אזוי האָבן אייער גארישן שכל, ווי דאָס איז אמת.

דינעצקי

ווי איר זעט מיך...

אויב איר זאָגט דאָס נאָך איין איינציקן מאָל, גיי איך אוועק...

דינעצקי

ניין, ניין, מיין לעבן! אָבער גלויבט מיר אז פון דעם טאָג אָן ווי מיר האָבן זיך צוקריגט, האָב איך ניט אויפגעהערט ארום אייך צו טראכטן.

חיה'עטשקע

אויב דאָס איז אמת, זייט איר נאָך א גרעסערער נאר ווי איך האָב אייך געהאַלטן. וואָס זעט איר אין מיר?

דינעצקי

און וואָס זעט איר אין מיר?

חיה'עטשקע

חוץ א לויזן מויל, גאָר ניט.

דינעצקי

און פון דעסטוועגן האָט איר מיך ליב.

חיה'עטשקע

דאָס האָט איר זיך אזוי איינגערעדט. מען זאָגט אַז איינביל־דונג איז ערגער ווי א קריינק.

דינעצקי

איינגערעדט? אסור א האָר! הערט חיה'עטשקע, וואָס איך וועל אייך זאָגן: פּרובירט נאָר גיין אהיים און ארום מיר ניט טראכטן צוויי שעה אפן זייגער. אויב איר וועט קומען צוריק און מיר זאָגן, אז איך בין אייך די גאנצע צוויי שעה אפן זינען ניט ארויף, לאָז איך זיך פּאטשן ביז מיינע באקן וועלן איינפאַלן. צו־פרידן?

חיה'עטשקע

(פאר זיך) איך הויב אים אין אמת'ן אָן צו ליבן. (הויך) גוט, איך וועל גיין מאכן די פּראָבע. (זי וויל גיין).

דינעצקי

(איר אַנגעמענדיק פאַר בײדע הענט)

וואַרט, אײדער איר גײט אַוועק, לאָזט מיר איבער אַ קוש. טאָמער געפינט איר אויס, אז איר האָט מיך פײנט, קריגט איר אים צוריק.

חיה'עטשקע

איר זײט משוגע, אַף נאמנות. לאָזט מיך אַוועק.

דינעצקי

איך וועל אײך ניט לאָזן, חיה'עטשקע. איך האָב אײך ליב ווי זיך אַלײן, און אזוי גיך ווי איך ווער פעלדשער, ווערט איר מײן שײנינקע, קלײנינקע, קלוגינקע ווײבעלע, און דערפאַר קומט מיר שוין...

(ער כאַפּט איר אַרײַן אין די אָרעמס און קושט זי; דער־ווײלע קומט אַרײַן ר' צמח און בלײַבט שטײן פאַרוואונ־דערט).

ר' צמח

(נאָך אַ קורצע פּויזע)

אַ הפקר־וועלט, אידישע קענדער... אין מיטן טאָג... לעיני השמש... טײען און קוטען־דיך, פאַר דער חתונה, פאַרן תנאים, פאַרן שדכן...

חיה'עטשקע

דער שדכן... דער שדכן! דאָס רופעט אײך מער ווי תנאים, חתונה און אַלץ אין דער וועלט...

ר' צמח

שווײַג, חצופה! האָב בושה פאַר אַן עלטערן, מופקרת! קוטן דיך אַף דעם אופן! הײַנט וואונדערט מען דיך אַז קלײנע קינדער שטאַרבן, רחמנא לצלן...

דינעצקי

הערט, זופיצע, זײַט ניט קײן צבואק! אײך פאַרדריסט ניט וואָס קלײנע קינדער שטאַרבן, נאָר וואָס גרויסע שדכנים מעגן ניט האָבן פון וואַנען צו לעבן, אויב...

ר׳ צמח

ווי די, אדוי ער... פאר מיר דאַלטו ניט דאגה׳נען, יונגאַט. איך וועל אים ירטה הטם לעבן אַן דיר אויך, און טאַקע פון טדכנות. מיר דארפן גרעטערע מענטן ווי דו... טו מיר טעמען דיך ניט קור-מען דאַקטוירים וועגן אַן ענין און ווער ביטטו? דו קענט׳ט דאָך נאָך אפילו קיין דענעפט ניט טוטעלן....

דינעצקי

(צו חיה׳עטשקען) איר הערט, חיה׳עטשקע? מיין חשד איז פאַרט ניט געווען אומזיסט, ווי איר זעט... ווי איר זעט פון זיינע רייד.

חיה׳עטשקע

ר׳ צמח! וואָס זאָגט איר? דאָקטוירים קענען אַן אייך ניט אויסקומען?

ר׳ צמח

יאָ, דאָס דאָג איך...

חיה׳עטשקע

און דאָס איז אמת?

ר׳ צמח

ווי היינט איך מיטוואָך אף דער גאַנטער וועלט! און פון די דאָקטוירים דעט מען גאַרניט אדעלבע מופקריי ווי פון יונגע פעל-טערלאָך —— דאָס מעג איך אייך אויך דאָגן.

חיה׳עטשקע

אויב אזוי מעגט איר מיט אייערע דאָקטוירים צוזאַמען איינ-נעמען... איך וויל אזוי ווייט ניט ריידן. קומט אהער, דינעצקי! זעט איר? איך בין פריער אף אייך געווען אין כעס... שטאַרק אין כעס פארן כאַפן זיך קושן. אָבער אף זיינע צופלאַצענעס, קומט, לאָמיך זיך טאַקע קושן און לאָז אים די אַלטע פיאַווקעלע די אויגן פון קאָפּ ארויסקריכן...

(זי גיט דינעצקין א קוש)

און מיר וועלן טאַקע חתונה האָבן אַן אים. מיר זיינען ניט קיין

דאָקטוירים, מיר דארפן אים ניט... (צו ר' צמח'ן) זאָלט איר אייער גאנצן לעבן דארפן דאָקטוירים און זיי אייך!

דינעצקי

אָמן!

ר' צמח

וואָט איך דאָ מיט דיי טו ריידן? וואו קען דער דאָקטאָר דיין? איך וואָלט וועלן אַז די מעטה דאָל טוין נעמען א טוף! ער איך אוועקגעגאנגען פון דערהיים... האָב געמיינט אפטר איך ער דאָ? איך מוד גיין...

חיה'עטשקע

וואָס בורבעלט ער דאָרטן אונטערן נאָז? גייט איר שוין? פארגעסט ניט צו קושן די מזוזה. דערפון וועלן קינדער ניט שטאַרבן.

ר' צמח

חטופה־מרטעת! (ער גייט אוועק).

חיה'עטשקע

נו, דארף מען לעבן אף דער וועלט?

דינעצקי

יאָ, מיין קרוין, אָבער מען דארף ניט גלויבן אין דאָקטוירים.

(זיי נעמען זיך ארום).

## צווייטע סצענע

(א גאס אויסערן שטאָט. פיר אזויגער נאָך האַלבן טאָג. ווען דער פאַרהאַנג הויבט זיך אויף, זעט מען עמיליען פארשלייערט ווי אַ כלה, גייענדיק מיט איר פאָטער — אין יום־טוב'דיקע קליידער — און מיט איין אונטער־פירערקע. אויפן מיטן סצענע בלייבן זיי אלע שטיין).

ר' חייקעל

מירעלע מיין קינד, זע, איך בעט דיך ווין ניט, מיין קינד!

עמיליע

איך וויין ניט פאָטער, איך האָב שוין קיין טרערן ניט מער... פאָטער!

ר' חייקעל

(צו די אונטערפירערקע)

זייט אזוי גוט, גייט אביסעלע פאָראויס, מיר וועלן גלייך נאָכקומען. מירעלע וויל מיר עפּעס זאָגן...

(די אונטערפירערקע גייט)

וואָס זאָגסטו מיין קינד?

עמיליע

דו קענסט גאָרניט פארשטיין ווי ליב איך האָב אים געהאַט.

ר' חייקעל

ער האָט דיר צוגעטרונקען — דאָס איז קלאָר.

עמיליע

ווייסטו מיט וואָס, פאָטער? הער, איך וועל דיר זאָגן... דו

ווייסט, אַז איך בין פאַר צוויי יאָרן געפּערלאַך קראַנק געווען? ער איז געווען נאָר וואָס געקומען פון פּעטערבורג... ער האָט זיינע גאַנצע כוחות פאַר מיך אוועקגעלייגט ביז ער האָט מיך אויסגע־היילט...

ר׳ חייקעל

מיט גאָט׳ס הילף, מיין טאָכטער, מיט גאָט׳ס הילף!

עמיליע

זאָל זיין אַזוי. הער מיך אויס. ער האָט מיך באַהאַנדעלט ניט ווי אַ דאָקטאָר אַ קראַנקע, זאָנדערן ווי אַ גוטע מאַמע אַ קינד. ער האָט צוליב מיר טעג ניט געגעסן און נעכט ניט געשלאָפן... ביז איך בין אינגאַנצן געזונט געוואָרן. דו קענסט אַזוי פיל ניט ווסן, ווארום דו ביזט דאַמאָלסט אין דערהיים ניט געווען. פרעג...

(עס פאַרדריקט איר די האַלז און זי קען ניט ענדיקן ריידן).

ר׳ חייקעל

מיין קינד, הער אויף, הער אויף... וואָס געווען איז געווען... (פאַר זיך) מיר דאַכט זיך זי האָט אים איצט נאָך העלטער ווי גע־האַט.

עמיליע

(זיך עטוואָס ערהוילנדיק)

לאָז מיך אויסריידן, אפשר וועט מיר ווערן לייכטער אויפן הארצן. ...ווען איך בין געזונט געוואָרן, איז ער עטלאַכע מאָל גע־קומען אונז באַזוכן. איינמאָל האָבן מיר זיך ביידע פאַנאַנדערגע־רעדט. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אָן אַ פאָטער און אַז זיין מוטער האָט גענומען אַ צווייטן מאַן ווען ער איז געווען אין דריטן קלאַס גימנאַזיע און אַז ער איז דורכדעם פון איר אביסל אָפּגעפרעמדט געוואָרן. ער האָט געהאַט פון זיין פאָטער אַ ירושה עטלאַכע טויזנט רובל...

ר׳ חייקעל

וואו האָט ער דאָס אהינגעטאָן?

עמיליע

הער מיך אויס, פאָטער...

ר' חייקעל

רייד, רייד — מיין קינד.

עמיליע

די ירושה האָט ער צוריקבאַקומען ווען ער איז געוואָרן אַ מענטש — דאָס הייסט, ווען ער איז אריין אין אוניווערסיטעט. איצט איז ער ניט זייער רייך, אָבער ער האָט געלט און איך גלויב אַז ער צוטיילט זייער פיל אין דער שטיל... נאָר אַרום דעם איז איצט ניטאָ וואָס צו ריידן... איך האָב דיר געוואָלט דערציילן אַן אנדער זאַך. איינמאָל, ריידנדיק מיט מיר, האָט ער צו מיר געזאָגט: „איר האָט גוטע פעאיגקייטן — אייך וואָלט מען דאַרפן אויסבילדן. אויב איר ווילט, וועל איך אייך געבן שטונדן". פון יענעם טאָג אָן האָב איך בשתיקה פון דיר בא אים געלערנט...

ר' חייקעל

און דאָס האָט דיר, מיין טאָכטער טאַקע אוועקגעקוילעט...

עמיליע

אפשר אויך... פון דעסטוועגן האָט ער זיך צו מיר די גאַנצע צוויי יאָר ניט דאָס מינדעסטע ערלויבט. מיר פלעגן זיך באַם קו־מען און באַם אוועקגיין געבן די האַנט און חוץ דעם האָט ער זיך קיינמאָל ניט דערוועגט מיר אפילו אַן איבריק וואָרט צו זאָגן. איך האָב אליין ניט געוואוסט, וואָס מיט מיר טוט זיך, נאָר איך האָב אַלץ געטאָן וואָס איך האָב געמיינט, אַז ער קען דערפון האָבן הנאה און אַזוי ווי איך האָב געוואוסט, אַז ער וויל מיך אויסבילדן, האָב איך געלערנט מיט אַזאַ התמדה, אַז ער פלעגט זיך זייער אָפט אליין וואונדערן ווי אַזוי אַ מיידל קען דאָס... פון ליבע...

ר' חייקעל

לאָמיר ריידן פון אַנאַנדער זאַך.

עמיליע

(ניט הערנדיק די אונטערברעכונג)

פון ליבע האָט ער מיט מיר קיינמאָל ניט גערעדט און ביז דעם טאָג ווען דו האָסט מיט מיר גענומען ריידן וועגן דעם שידוך.... האָב איך אליין ניט געוואוסט ווי הייס איך האָב אים געליבט...

דאַן... דאַן האָבן מיר זיך ערקלערט און ער האָט מיר דער ערש־
טער געזאָגט אַז ער ליבט...

ר' חייקעל

נו, זעסטו דאָך, מיין קינד, ווי גערעכט איך בין. איך האָב
דאָס גלייך געזען... ער איז ווי אַלע פּוסטע פּראַנטלאַך אין הארצן
פאַלש. והראיה, אַזוי גיך ווי ער האָט געזען אַז עס האַלט באַם
ווערן אַן ענין, האָט ער געמאַכט א ויברח... און ער איז אַנטלאָפן
געוואָרן טאַקע ניט מער ווי פון דיר, ווארים איך ווייס אַף קלאָר,
אַז נאַטשאַלסטווע וועט אים מער ניט טרעוואָזשען *)... ער האָט
עפּעס נושא־חן געווען בא א גרויסן טשינאָווניק...

עמיליע

(מיט אַ זיפץ)

בא וועמען איז ער ניט נושא־חן!...

ר' חייקעל

בקיצור, ער איז אַנטלאָפן פון דיר אַזוי גיך ווי ער האָט גע־
זען, אַז פון יאַ־צעבע־קאָכאַם **), מיטן שלום־עליכם־געבן אַלע טאָג,
מיט די גלאַטינקע ריידעלאַך — מוז ווערן א תנאים. דערפון, מיין
טאָכטער קענסטו זען, ווי מען קען אַף די חברה־לייט בויען...

עמיליע

פאַלש איז ער, ארום דעם איז בא מיר שוין קיין ספק ניטאָ!
ווען ניט דאָס, וואָלט איך געווים בעסער געגאַנגען מיט א טאָרבע
איבער דער וועלט — וואָרום מער ווי ארויסטרייבן פון שטוב קענ־
סטו מיר דאָך ניט — איידער חתונה האָבן מיט א ישיבה־בחור...

ר' חייקעל

א ישיבה־בחור, א ישיבה־בחור! מיין קינד, דו האָסט א
טעות אין דיין חתן. דו מאַכסט זיך אַליין אָן א מורא אומזיסט
און אומנישט. דו ביזט ווי א קינד וואָס דערשרעקט זיך פאַרן
שאָטן, וואָס זיין אייגענער גוף מאַכט אויפן וואַנט. די מעשה איז

---

*) באַאומרואיקן.

**) כ'האָב דיך ליב.

גאָרניט אזוי מורא'דיק ווי דיר דוכט זיך, ווארום נאָך אַלע מעשות איז ווי מען וויל אַזוי רעדט מען. היינטיקע עילוים זיינען אויך ניט דאָס וואָס געוועזן; עס זיינען דאָ רבנים גרויסע משכילים אויך ווארום אונזערע חכמים אליין הייסן אַלע וויסן פון ודע מה שתשיב וועגן, דאָס הייסט בכדי אז מען זאָל וויסן וואָס צו ענט־פערן דעם אפיקורס. דער חתן דיינער האָט אַ גאונישע קאָפּ אַף זיך און אז דו זאָלסט צו אים שטאַרק צושטיין, קען ער דערגיין מער השכלה אריינקוקענדיק אין ספרים חצונים נאָר איינמאָל אַ וואָך ווען עס איז בין השמשות ווי אַ דאָקטאָר'ל וואָס גייט אויס אַלע גימנאַזיעס מיט אַלע קאַדעמיעס. מאַך פון אים וואָס דו ווילסט, נאָר זע אז ער זאָל חלילה ניט אראָפּ פון גראַדן וועג... איז ניט ר' אליהו ווילנער, זכרון צדיק לברכה, געווען אַ משכיל!

עמיליע

פּאָטער־לעבן, דאָס קען אַלץ זיין, אָבער דאָס איז ניט די הויפּט זאַך. מען ליבט ניט דעם וואָס דער שכל איז מחייב, אז מ'דאַרף אים ליבן, מען ליבט דעם, וואָס די האַרץ ציט צו אים...

ר' חייקעל

(פאַר זיך) ווי קלוג זי רעדט!

עמיליע

אַ קינד וואָס איז אין אַלעמעס אויגן שוואַרץ און קליין און נאַריש איז בּאַ זיין מאַמען אין די אויגן קלוג און גרויס און ווייס. ווארום? ווייל זי ליבט אים און ליבע איז בלינד, ליבע איז פּאַר־טייאיש, דאָס געדיינק איך האָסטו מיר אַמאָל געזאָגט שטייט אפי־לו אין דער גמרא...

ר' חייקעל

דו מיינסט האהבה מקלקלת את השורה! (פאַר זיך) ווי זי געדיינקט אַלץ!

עמיליע

יאָ, יאָ! און מיינסטו, איך ווייס ניט אז לובלינסקי האָט אפשר אויך פעלערן? איך גלויב דאָס אפילו ניט, אָבער דערוויי־לע זע איך נאָר פון אים איין שלעכטע זאַך: — ער איז פאַלש. ער

וועט מסתמא נאָך ניט איין מיידל אומגליקלאַך מאַכן! אָבער אַזוי...

(זי פאַרדעקט דאָס געזיכט).

ר' חייקעל

(פאַר זיך) מיין הארץ איז ניט פון שטיין: איך קען דעם רחמנות ניט צוזען. — הער אויס מיין קינד, וואָס איך וועל דיר זאָגן, הלואי וואָלט ער צו דיר ניט פאַלש געווען, וואָלט...

עמיליע

אפשר איז עס גאָרניט ווי מיר מיינען, פאָטער... אפשר איז ער מיר פאָרט געטריי...

ר' חייקעל

אפשר? וואָס איז דאָ פאַר אַן אפשר? די מעשה איז קלאָר ווי גאָלד... אָבער איך זאָג דיר מיין קינד אויף מיינע אידישקייט, אַז מיר וואָלטן ניט געזען מיט אונזערע אויגן, אַז ער איז צו דיר פאַלש, וואָלט איך שוין אויף קיין זאַך ניט געקוקט און וואָלט אליין מסכים געווען אויף אַ שידוך... הגם דאָס וואָלט געווען אַן אייביקער פלעק אויף אונזער גאַנצער משפחה... דו פאַרשטייסט מיין קינד, אַז איך בין פונדעסטוועגן פאָרט אַ טאַטע און איך מיין דיר געוויס צום בעסטן...

עמיליע

(זיך ווישנדיק די אויגן)

דאָס דאַרפסטו מיך ניט זאָגן פאָטער... דאָס ווייס איך גאַנץ גוט.

....

ר' חייקעל

און טאַקע ווי איך האָב דיר נאָר וואָס געזאָגט, אַז ער וואָלט נאָר ניט געווען קיין פאַלשע־מטבעה, וואָס האָט גאָר קיין מאָל ניט געהאַט בדעה מיט דיר חתונה צו האָבן... ווען ניט דאָס, וואָלט איך געזאָגט: וואָס איז באַשערט פון השם־יתברך דאָס זאָל זיין... נאָר וואָס איז דאָ צו ריידן? פון נאַכט טאָג קען אַ מענטש ניט מאַכן און וואָס איז פאַלש איז פאַלש...

עמיליע

דאָס זע איך איצטער אליין... אָ, ווי פארנאַרט איך בין אין אים געוועזן! אָ, ווי פארנאַרט, ווי פארנאַרט!

(זי וויינט ביטערלאַך).

ר׳ חייקעל

הער אויף, מיין קינד, הער אויף! (פאר זיך) מיר איז שוין דער גאנצער שידוך על אפי ועל חמתי... וויין ניט, מיין קינד, וויין ניט. דיר וועט אם ירצה השם נאָך זיין וואויל ווי די וועלט... (זייער גערירט) דו וועסט נאָך אמאָל... מיטן אויבערשטענס הילף...

אונטערפירערקע

בזיונות, כ׳לעבן! איז דען איצט א צייט צום ריידן? דער חתן שטייט שוין א האַלבע שעה אונטערן חופּה און איר שטייט דאָ און רעדט און... בזיונות, ווי איך בין א אידישע טאָכטער, חלשות פאר מענטשן!

ר׳ חייקעל

איר זייט גערעכט, איר זייט גערעכט. מיר גייען, קום, מיין קינד, קום!

עמיליע

פאָטער, וועט דאָס לאַנג געדויערן?

ר׳ חייקעל

ניין, מיין טאָכטער, מיר וועלן דאָס מאכן אף גיך... אָבער זיי א מענטש מיין קינד... דו הויבסט איצט אָן צו לעבן...

עמיליע

צו לעבן?... קום לאָמיר גיין.

אונטערפירערקע

קומט, קומט!... עס איז נאָך א שטיק וועג...

(גייען אוועק).

# דריטע סצענע

א חופה אונטערן פרייען הימל. זי איז אין לינקן ווינקל פון דעם הינטער הינטערגרונט פון דער בינע. פיר יונגע קינ־דער האַלטן די שטייגנגלאַך. לובלינסקי שטייט מיטן גע־זיכט צו ר' צמח'ן און מיטן רוקן צום פובליקום, ער איז אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן זיידענעם מאַנטל מיט אַ גאַרטל אַרום. ניט ווייט פון דער חופה זעט מען פרושים אַרומ־גייענדיק און ריידנדיק. פון ווייטן הויבט זיך אָן צו הערן מוזיק ווי צום ברענגען די כלה. די מוזיק שפּילט די גאַנצע צייט און ווערט אַלץ לויטער און לויטער ביז ר' חייקעל, עמיליע און די אונטערפירערקע ערשיינען אויף דער בינע. דרויסן הויבט שוין אָן דונקל צו ווערן. — בא ר' צמח'ן אין די לינקע האַנט זעט מען פון ווייטן די כתובה.

(דינעצקי און חייעטשקע קומען).

דינעצקי

חיה'עטשקע, בא אונז זאָל זיין א היימלאַכערע חתונה...

חיה'עטשקע

פיל אומעדיקער קען שוין ניט זיין... איך האָב געזען היימ־לאַכערע לויות...

דינעצקי

א וואונדער פונדעסטוועגן ווי אזוי א געבילדעטע מיידל ווי עמיליע פועלט בא זיך צו נעמען אזא מין מנובל פאר א מאַן...

חיה'עטשקע

וואָס זאָל זי נעבאך טאָן? דער דאָקטאָר דיינער איז ניטאָ אין דערהיים. זי, ווידער קען אין שטאָט די אויגן ניט ווייזן, פאַר בושה.

דינעצקי

דאָס איז אויך ריכטיק. עס איז דאָ מענטשן וואָס שטאַרבן פאַר וואוילטאָג און אנדערע וואָס האָבן חתונה פאַר צרות.

חיה'עטשקע

און דאָס מאַכט איר אַלץ אָן, פיינע יונגע לייטלאַך! איך זאָג אייך באַצייטן דינעצקי: אויב היינטיקע פעלדשערס זיינען ניט בעסער ווי די דאָקטוירים, נעם איך פאַר צרות א קוימענקע־רער און קוש אים פאַר אייך אין די אויגן, אים מיט די סאַזשע, מיט אַלעמען.

דינעצקי

זאָרגט ניט חיה'עטשקע, איך וועל אייך זיין טריי, און מיר וועלן חתונה האָבן, און מיר וועלן לעבן ווי א פּאָר טייבעלאַך...

חיה'עטשקע

דאָס וועלן מיר אַלץ זען פּאַרטיקערהייט...

(זיי גייען אַוועק אָן א זייט און דערווייל קומען צו נענטער צוויי פּרושים).

ערשטער פרוש

משמעות, דער מירער ווייס ניט אַז די כלה איז געווען אַוועק־געלאָפן מיט אַן אַפּיצער... ווי?

צווייטער פרוש

די גאַנצע מעשה איז א ליגן. מען האָט איר געזען אין די זעלביקע בריטשקע מיט דעם אַפּיצער און בייזע מיילער האָבן גלייך געמאַכט אַ־דעם שם־רע אף איר.

(לובלינסקי לייגט צו די האַנט צום אויער און האָרכט זיך צו).

ערשטער פרוש

רעדט ניט אַזוי הויך, דער חתן קען דערהערן.

צווייטער פרוש

ער הערן? מען זאָגט, אַז ער איז אַזוי פאַרטאָן אין הויכע מחשבות אַז אין מילי־דעלמא איז פשוט שווער זיך מיט אים צו־נויפצורעדן.

ערשטער פּרוש

איז דאָס אמת אַז ר׳ צמח באַקומט צוויי הונדערט קערבלאַך שדכנות?

צווייטער פּרוש

מ׳זאָגט אַזוי... איך האָב דאָס געהערט היינט נאָכן דאַווענען אין בית־מדרש.

ערשטער פּרוש

און ר׳ חייקעל גיט טאַקע דריי טויזנט קערבלאַך נדן?

צווייטער פּרוש

דער פּרנס האָט געבאָטן פיר. — אַ קלייניקייט דער מירער עילוי! ווייסט איר וואָס מ׳זאָגט? מ׳האָט די כלה גאָרניט באַ־זעצט. עס איז עפּעס געווען אַ גרויסער גערודער באַ ר׳ חייקלען און משמעות וויל מען די חופּה אָפּשטעלן אין דער שטיל.

ערשטער פּרוש

קומט דאָך טאַקע אויס אויף מיינע רייד. זי האָט טאַקע גע־מוזט עפּעס וואָס אָפּטאָן און מען מאַכט אַלץ אין גיך, בכדי אַז דער מירער זאָל פון קיין זאַך ניט וויסן.

צווייטער פּרוש

אפשר זייט איר גערעכט. אַ וואונדער, כ׳לעבן, ווי אַזוי דער מירער לאָזט דאָס צו, אַז מען זאָל מאַכן חתונה ניט ווי עס פירט זיך אין... אַהאַ! די כלה קומט.

(זיי גייען אוועק אָן אַ זייט. עס ערשיינען די כלי־זמרים מיט די כלה, וועלכע איז פאַרשלייערט מיטן דעקטוך. ר׳ חייקעל מיט די אונטערפירערקע גייען פון ביידע זייטן)

ר׳ חייקעל

(זייער צוטראָגן) די ווייַן, די ווייַן! וואו איז די ווייַן. מסדר־קדושין מאַכט דערפון.

(ר׳ חייקעל פירט ארונטער עמיליען אונטערן חופּה — לובלינסקי גיט זיך האַלב אַ קער צו איר, אָבער זי זעט אים ניט).

ר׳ צמח

(נאָך דער געוויינלאכע צערעמאָניע)

חתן, איד דער רינג אייערער?

לובלינסקי

יאָ!

עמיליע

(צו זיך) וואָס איז דאָס פאר א שטימע?

ר׳ חייקעל

לייענט די כתובה, ר׳ צמח.

(ר׳ צמח הויבט אָן צו לייענען. ווען ער קומט צום חתן׳ס נאָמען, און זאָגט דעם וואָרט „אברהם" דערלאנגט זיך ר׳ חייקעל א כאפ).

ר׳ חייקעל

וואָס איז דאָס? ר׳ צמח האָט א טעות געהאַט אין נאָמען. דער חתן הייסט דאָך ניט אברהם — ער הייסט דאָך ישראל?

(עס ווערט אַ גערודער. די פרושים רוקן זיך צו נענטער. דערווייל האָיבט עמיליע אויף דעם שלייער און קוקט אָן לובלינסקין אָן א זייט. ער נעמט איר לאנגזאם אָן פארן האנט).

עמיליע

מיר דאכט זיך... פאָטער, פאָטער, האַלט מיך צו... איך...

ר׳ חייקעל

וואָס איז דיר?

לובלינסקי

שרעקט זיך ניט, איר וועט באלד גוט ווערן...

(ער גארטעלט זיך האסטיק אָפ און ווארפט אראָפ דעם מאַנטל).

ר׳ חייקעל

(ווערענד ער טוט דאָס)

חתן! שטייט! גאָט איז מיט אייך...

לובלינסקי

איך ווייס וואָס איך טו און דער נאָמען אין כתובה איז אויך ריכטיק. דער מירער עילוי הייסט... אברהם לובלינסקי!

עמיליע

א, מיין טייערער, ליבער אדאָלף!

(זי פאלט אריין אין זיינע אָרעמס).

ר' חייקעל

(צו ר' צמח'ן) איז דאָס אייער עילוי! ר' צמח איר האָט... איר האָט מיך...

ר' צמח

פון דרך שלום וועגן א ביטעלע אָבגענאַרט. אניט וואָלט אייער טאָכטער אפשר חלילה געשטאָרבן פאר אָט־דעם דָר. לובלינסקי.

חיה'עטשקע

און וואו איז דער מירער עילוי?

ר' צמח

אין דער מיר, חטופה, אין דער מיר!

ר' חייקעל

נו! מסתמא איז דאָך טאַקע אזוי באשערט!

דינעצקי

אודאי איז אזוי באשערט. דאָקטאָר, איך בלייב בא אייך! דאָס איז גוט, ווי איר זעט מיך א לעבעדיקן! כלי־זמר, שנעל פון דאָס ניי אויפגעשפילט—א טענצעלע, חיה'טשקע! א טענצעלע, חיה'עטשקע!

(מוזיק, טענץ אין דער צייט פאלט דער פאָרהאנג).

לאָנדאָן, סעפט. 1886.

# א חתונה און א לויה

פֿאַנטאַזיע אין צוויי בילדער

# ערשטער בילד.

## די חתונה.

## פערזאָנען:

חתן־כלה — אַרטור און עטל.
זיינע עלטערן.
אירע עלטערן.
זיין ברודער און זיין שוועסטער.
זיין פעטער און זיין מומע.
געסט.
אַ גאַסט און זיין ווייב.
צוויי פידלער.
דער גרויסער גאַסט.
דער שד.
די בת־לצנים.

### די סצענע

(אַ פיין דעקאָרירטער גרויסער זאַל מיט קלענערע און גרעסערע טישן פאַר צוויי און מער פערזאָנען. אַ גאַלעריע פאַר די מוזיקאַנטן. באַ דריי קליינע טישלאַך אינם הינטער־גרונט זיצן פאַר־וויז חתן־כלה, זיינע און אירע עלטערן).

I

## אירע עלטערן

ז י: נו, געלויבט איז גאָט, אַ חתונה אַ פיינע
האָבן מיר געפּראַוועט, הלואי ניט ערגער
באַ אונזער מוזינקע, אין אַ גוטער שעה...

ע ר: חוץ וואָס ס'איז געווען איבער אונזערע כחות.

ז י: גיב אַהער אַ וויינטרויב. תמיד טראַכסטו
וועגן דער הוצאה. גיט מען אוים אַ טאָכטער,
מוז מען זיך אַ כח אָנטאָן... (זי בייסט).

ע ר: יע, פון לייטנס וועגן, פאַר דער וועלט...

ז י: געוויס, דו טוסט זיך אָן אַ פּאָר שיך גאָר טייערע,
אַ בגד און אַ הוט אַפּן קאָפּ פאַר לייטנס וועגן.
דו פאַרשאַפסט זיך מעבל אין דיין הויז פיל מער ווי
דו באַדאַרפסט פאַר דיין הויזגעזינד, פון לייטנס וועגן.

ע ר: געוויס, נאָר אַ מאָס דאַרף זיין; כאַפּסטו די מאָס
אריבער, קענסטו זיין קאַפּוט, צופיל פון לייטנס וועגן
טאָן קען דיך פאַרפירן אין אַ זומפּ און די לייט
גליקלאַכער ניט מאַכן.

ש ה: פאַר די לייט, פאַר דער וועלט, וועלכע וועט אומ־
באַרעמאַהרציק משפטן דיך מאָרגן, ווען דו באַנקראָ־
טירסט; אין דער דאָזיקער וועלט וועלן דאַן די אַלע זיין,
וואָס דאָ האָבן כלומרשט פיין געהוליעט, פיין פאַר־
בראַכט, וואָס דאָ האָבן זיך געשטאָפּט מיט פיינע שפּייזן,
און געטרונקען אייער ווייַן. און ניט בלויז פרעמדע
נעסט. אייך משפּטן וועט דער מחותן, די מחותנת'טע,

אפילו אייער חתן־כלה, אייער אײדים, אייער אייגענע
געליבטע טאָכטער לעבּ! ווער ווייס, אפשר פארענדיקט
אין אָסטראָג איר דעם יום־טוב׳דיקן טאָג.

ע ר : דער אָרקעסטער מאַכט אַ גרויסן ליאַרעם,
קוים וואָס מען קען הערן וואָס מען רעדט.

ז י : יע, מען קען ניט אויסריידן אַ וואָרט.

ש ד : בארעדן אָבער מענטשן, דאָ און אומעטום דאַרף
זיין ניט שווער.

## II

## דעם חתן׳ס ברודער און שוועסטער

ע ר : ווייסטו, רחל׳ע, מיר האָבן זיך, נאָך אַלעמען
גאָרניט שלעכט דאָ אַמוזירט.

ז י : וואָס הייסט ניט שלעכט?
עסן גוט און טרינקען איז אפשר ניט שלעכט.
איך וואָלט זיי געשאָנקען די מוזיק אינגאנצן...

ע ר : און איך די לעבערלאַכע לאַנגע פרומע דרשה
פון אַ כלומרשט אויפגעקלערטן, יאַלעוון בעל־דרשן.

ז י : און מיר, זעסטו, האָט די רעדע גראָד געפעלן...
עטוואָס פון מאָראַל קען זיכער ניט שאַדן. באַ אַ חתונה
אין אַזעלכע צייטן ווי די היינטיקע.

ע ר : אַ, מאָראַל, מאָראַל!
פרעג דעם אַלטן היפּאָקריט, דעם פריידיקער,
ווי האָט ער אַליין געלעבט מיט זיין באַשערטער?
מיינסט, ער ווייס אַליין ניט, אַז די כלומרשט׳יקע
ליבע ביזן טויט, האַלט באַ אַ יונגער פּאָר
ניט פיל לענגער, ווען דעם טאָג, ווען זייביידע
הויבן אָן איינער דעם צווייטן צו דערעסן;

ווען ער אָדער זי באַגעגנט אַן „אפיניטי",
ניט פאַר אונז געדאַכט.

ז י : דו ביסט צו־שטרענג!
און צו־פּעסימיסטיש. „כלומרשטיקע ליבע"!
גלויבסטו ניט, אַז אונזער פּאָר דאָ זענען
דורך דער ליבע מאַן און ווייב?

ע ר : זי אים, ער אָבער?
ווער פון זיי, קלערסטו, האָט וועמען געליבט?
ער איר, אָדער אפשר גאָר זי אים ?
און פאַרוואָס זאָל ער זי ליבן ? זאָג מיר,אויב דו ווייסט,
פאַר וועלכע מעשים־טובים?
אדרבה, זאָג מיר, רחל'ע!

ז י : זי איז זיכער שיין.

ע ר : וואָס זאָגסטו ?

ז י : איך זאָג, זי איז שיין.

ע ר : געמאָלט?

ז י : דו ביסט, ברודער, גאָר אַ ציניקער.
זי האָט אַף זיך קיין שמינקע ניט.
און אירע אמת־פּערלדיקע ציינער?

ע ר : אירע ציינער?

ז י : אירע, וועמעס דען?
גלויבסט ניט, אַז אַ מיידל קען דאָך ציינער האָבן ?

ע ר : ווער קען וויסן? אפשר אירע, אפשר אַלע אירע, אפשר עטלאכע פון זיי...

ז י : ניי, ניי!

ע ר : נו, אַ דאנה מיינע. לעבן וועט מיט איר ארטור אונזערער, ניט איך. ער וועט זען וואו די ציינער האַלטן נאכטלענער, אין מויל אָדער אפן פּאָליצע. לחיים, ליבע שוועסטער!

ש ד : טרינקט, און אין דעם וויין דערטרינקט די קנאה אייערע, וואָס עסט אייך אויף.

איך קען אייך, איר וואָלט וועלן נאָכטאָן זיי און קענט
ניט. קיינער וויל אייך ניט. דו, רחל, קערסט זיך צו דיין
ברודער צו, און כלומרשט פּראָטעסטירנדיק אונטער־
שרייבסטו זיין געמיינע לשון־הרע.
ביידע קומט איר אָפּ דער חתונה דאָ אָפּ:
דו, אָן ווערטער, רחל; ער אָן טראָפּ.

## III

## א גאַסט און זיין ווייב

ע ר : ווער איז יענע אידענע ?
ז י : וועלכע, מיינסטו? מיטן הוילן רוקן?
ע ר : יע, דעם שוואַרצן.
ז י : האָסט א בייזע צונג אין מויל, זי טוט זיך אָן.
ע ר : טוט זיך אויס...
ז י : טוט זיך אָן, ווי זי פאַרשטייט.
ע ר : איך זאָג, טוט זיך אויס.
ז י : ווער הייסט דיר קוקן?
ע ר : איינפאַך עקלט! א דאַרער, שוואַרצער רוקן אויס־
געבלויזט און באַ א פרוי, שוין אין די יאָרן.
ז י : איצט פאַרשטיי איך, שלעכט איז, וואָס זי איז ניט יונג.
וואָלט זי אינגער בלויז געווען, וואָלט דיך, העגרי,
דיין געוויסן ווייניקער געקוועלט. האַ, האַ!
ע ר : דו ביסט אויך ניט בעסער. זע נאָר אָן דיין פריינט,
אָט דערפאַר נעמסטו זיך אָן פאַר איר, מיין ווייב!
ז י : אפשר בעסער, אפשר ערגער, גלויב דו מיר,
איך קען אייך, מענער...
ע ר : אייניקע פון אונז, שיינט מיר, קענען אייך.
אָט האַלט א בחור זיינע אויגן אין דיין... דעקאָלטע
אריינגעלאָזן, ליבסטע.

ז י : אי שוד וואָרי! *) איך קען אים די אויגן ניט פאַרמאַכן.
לאָז ער קוקן, אויב דאָס מאַכט אים שפּאַס...
גיב אַביסל וויין אַהער!

ע ר : אָ, דו ביסט פיינע סחורה. חתונות, בעלער און באַנ־קעטן זענען פאַר איין אַלעמען בלויז יאַרידן, וואו איר ברענגט די סחורה אייערע...

ז י : שווייג, שאַט־אַפּ! דו ווערסט גראָב! דו מוזט שכור זיין, מיין ליבער מאַן...

ע ר : און ווער איז יענע יונגע פרוי, וואָס זיצט באַם טישל דאָרט מיט דיין קאָזען ?

ז י : זאָל איך בייטן פּלעצער מיט זשאַנעטן?

ע ר : דו רעדסט קינדערייען!
אָבער ווער איז די זשאַנעטע דיינע?
איז דאָס אַ פאַרברעכן צו ווילן וויסן?

ז י : היינט ביסטו צו־ציניש, וועל דיר מאָרגן זאָגן.

ש ד : ניט מער ציניש איז ער היינט. האָט בלויז היינט מער געטרונקען און זיין צונג איז לויזער. און דערפאַר קומט אַפן צונג אַרויס איצט, וואָס ער האָט געוואוינלאַך אַפן לונג. ווען ער איז אַליין אַף שמחות, טראָגט ער אויך קיין קלאַפּונעס ניט אַף די אויגן. האָט ער עפּעס פיינט, דאַן איז דאָס, אַז זיין ווייב זאָל אַף חתונות און בעלער אירע סחורה ברענגען נאַ־פּאָקאַז **) פאַר אַנדערע מאַדמאַזעלן איז ער אַ מאָדערנער מענטש, כמעט גאָר אַ פּאַריזער.

*) אַ דאגה מיר אַ גרויסע.

**) אויסצושטעלן.

# IV

## דעם חתן׳ס פעטער און מומע

ז י : רעד ניט אַזוי הויך. באַם צווייטן טישל דאָרט זיצט אַ נפש מיט אויסגעשטעלטע אויערן...

ע ר : וואָס־זשע רעד איך? גאָרנישט, וואָס איך זאָג איז...

ז י : אַז דו רעדסט ניט, בעסער זאָג ניט. שווייג! מאַכסט אַ לעבן באַ דיין רייכן שוואָגער, דאַרפסטו דאָס ניט פאַרגעסן. גיב מיר בעסער נאָך אַ זופּ פון יענעם וויין.

ע ר : אין אונזערע מקומות...

ז י : וואָס איז דאָס ?

ע ר : איך מיין גאָר פּשוט, אין דערהיים טרינקט מען ניט אַזעלכע טייערע משקאות.

ז י : אָט דערפאַר טאַקע, דאַרף מען טרינקען אַנדערשוואו, ווען עס מאַכט זיך אַ געלעגנהייט. גיב מיר עפּעס צום פאַרבייסן.

ע ר : אַ כלל איז דאָ באַם עולם, אַז מען נעמט ניט, האָט מען ניט. מיין ברודער, זאָל ער לעבן, האָט געהאַט דעם שכל, אין דער צייט פון מלחמה...

ז י : ששש... קענסטו ניט אַביסל שטילער האַלטן דיינע דרשות? אפן שכל לייגט זיך מיר, דו האָסט גע־שנאָשקעט אַ ביסעלע צופיל.

ע ר : לאָז זיין „שטילער"... ער, זאָג איך, האָט דאַן געהאַט שכל אויסצונוצן די מלחמה.

ז י : נו, און דו ? דו ניט ?

ע ר : איך ? צו שפּעט, און אין אַ מאַסשטאַב אַ קלענערן, מיין טייערע. דו ווייסט דאָך, וואָס איך מיין, האַ?

ז י : ווער־זשע איז דיר שולדיק?

ע ר : קיינער ניט. איינער גייט אין וואַלד, אַן אַנדערער אין לאָמבעריאַרד. *)

ז י : איך, מיט זיינע געלט, וואָלט אַ שידוך אַ פיל בעסערן געטאָן.

ע ר : נו, האָט אַרטור דיך גראָד ניט געפרעגט.
אָבער גוטע וויין איז דאָ.

ז י : טאָ טרינק און שווייג.
מיר וועלן געפינען צייט צו רעדן אין דערהיים.

ש ד : איר וועט רעדן און באַרעדן אין די אייגענע פיר ווענט, פאַרקויפטע העסלאַכע נשמות. איר, וואָס האָט צו ביליק אייערע נשמות אַפּן מאַרק אַוועקגעגעבן. דער מחותן איז קליגער פאַר אייך ביידן, און ער איז שטיין־רייך, בעת פאַר די עברות זיינע זעט זיך ווייניק־וואָס בא אייך.

## V

### דער חתן און די כלה

ע ר : עטעלע!

ז י : וואָס, מיין טייערער

ע ר : גאָר... גאָרניט, עטעלע.

ז י : גאָרניט, אַרטור ליבער?

ע ר : ביסטו גליקלך, עטעלע?

ז י : דו פרעגסט נאָך?

ע ר : דו ביסט געווען אַזוי פאַרטראַכט.

ז י : ווילסט דעם אמת וויסן?

ע ר : טייערע, וואָס איז?

ז י : אָט־די צערעמאָניע לאַנגווײַלט מיך.

---

*) אַ סקלאַד פון געהילץ.

ע ר : פארשטיי...איך אפשר מער...

ז י : ס'איז ניט וואס דו מיינסט...

ע ר : וואס־זשע דען?

ז י : די געסט, די אלע פרעמדע מענטשן, א, איך פיל, זיי זענען פרעמדע, און זיי ווינשן אונז קיין גליק ניט.

ע ר : וועלן מיר דאס גליק שוין מוזן האבן אן די ברכות זייערע.

ז י : איך קען אלע מיינע חבר'טעס דא היינט, געוועזענע שול־פריינט.... אייניקע פון זיי, מיין פריינד, האבן חתונה געהאט צו־פרי....

ע ר : וואס מיינסטו, עטעלע, דערמיט?

ז י : וואס איך מיין? צו יונג, האבן זיך ניט גוט פארשטא־נען אף דער סחורה, וואס זיי האבן איינגעהאנדלט...

ש ד : אך, די יונגנט, וואס פאר א חסרון אין די אויגן פון אביסל א פארזעסענע...

ע ר : ווי דו דריקסט זיך אויס, מיין עטעלע! נו, גוט! און די אנדערע?

ז י : די אנדערע — צו שפעט. האבן נעמען שוין געמוזט, וואס האט זיך געמאכט...

ע ר : א דאגה דיינע!

ז י : מער ניט, ליבסטער, איך פיל.... האב איך דיר ניט אנ־געריירט דיין שוך מיט מיינעם, טייערער?

ע ר : ניין, האלט דיין פוס... דו זאגסט?

ז י : וואס, טאקע, זאג איך ? יע, איך... פיל איך, הייסט עס, אז די פריינדינען אלע, סאי די אינגערע און סאי די עלטערע, מיר מיין גליק היינט ניט פארגינען...

ע ר : ליבסטע, ווירקלאך?

ז י : א, זיי האסן זיכער מיך. טיף אין הארצן האסן זיי אונז ביידן.

ע ר : דו, געליבטע, איבערטרייבסט...

ז י : איך קיין זיי.
מקנא זענען זיי אונז אונזער חתונה, די מוזיק די פיינע, די דעקאָראַציעס, די געדעקטע טישן מיט די בלומען, וויין און די פּרעכטיקע מאכלים. נו, דו הערסט?

ע ר : זיכער הער איך.

ז י : ווייל מיר דוכט, דו קוקסט אהין, וואו די קליינע בערטא זיצט.

ש ד : זי הויבט אָן גאָר באַצייטנס. דאָס, זעט איר, געפעלט מיר.

ע ר : אירסט דיך, ליבסטע, זיכער...

ז י : האָט זיך מיר עס אָפּגעדאַכט אַזוי... איך וויס, מיין טייערער... דאָס איז גאַנץ געווים ניט... ווייסט וואָס זיי שפּילן איצט ?

ע ר : דאַכט זיך אַ געוויסן מאַרש... וואָס, זאָגסטו, איז גאַנץ געווים....

ז י : איך זאָג, עס איז גאַנץ געווים ניט שיין צו זאָגן, אָבער מיר שטייט די צערעמאָניע, מיט די פריינט, מיט אַלעם־מיט־אַנאַנדער שוין כמעט אין האַלז.

ע ר : און מיר ניט ? נו, נאָך אַ ווייליטשקע געדולד

ש ד : איך פאַרשטיי אייך: ביידן אייך איז ערגער דאָ, ווי אַלעמען... צופרידן איז, אין תוך, אין דעם גרויסן עולם קיינער ניט, און דו, כלה, ביזט גערעכט. דו קענסט זיי דיינע חבר'טעס אפשר אַזוי גוט ווי איך; האָסט אויך קיין טעות ניט געהאַט מכח מיסטער אַרטור'ס בליק, וואָס האָט צו בערטאַן זיך פאַרבלאָנדזשעט. פריער אָדער שפּעטער וועט איר ביידע ווערן קליגער און דאָס עפּענען פון די אויגן וועט אייך, ווי אַמאָל דעם ערשטן מענטשן מיט זיין ווייב, קאָסטן טייער אינם גייסט און אין לייב.

## VI

### צוויי פידלער

ע ר ש ט ע ר : ענדלאַך עסט מען! עסן ענדלאַך אויך מיר! אַ, די גראָבע יונגען!

צ ו ו י י ט ע ר : וואָס ביזטו אַזוי אין כעס?

ע ר ש ט ע ר : עקלען טוט מיר פאַר דעם גאַנצן עולם דאָ.

צ ו ו י י ט ע ר : זיי נים אויפגערעגט, גיסט אוים די זופּ.

ע ר ש ט ע ר : אַ, דו ביזט אַ פידלער, ניט קיין קינסטלער, און דו, טייערער, קענסט מיך ניט פאַרשטיין. דיין פידל איז באַ דיר אַ האַק צו האַקן האָלץ, צי אַ מעלקנדיקע קו. באַ מיר איז מיינע אַ באַשעפעניש, אַ לעבעדיקע, מיט אַ נשמה, מיט אַ האַרץ...

צ ו ו י י ט ע ר :אַ, הערסטו? ווייטער, ווייטער רעד !

ע ר ש ט ע ר : דיינע, פריינד, איך מיין, דיין פידל ווערט ניט באַליידיקט אַזוי. ליידט ווען זי רעדט צו גראָבע מענטשן, קיצלט זייער אויער, גיסט איר האַרץ אוים פאַר זיי, אין אַ טויזנט טענער צאַרטע, און זיי קנאַקן ניסלאַך, גריזשען עפּל, האַקן מיטן גאָפּל־מעסער אָן די טעלער, אָן די טאַצן, אָן די גלעזער; שרייען, רעדן, רייבן שוועבעלאַך; זיי רוקן שטולן, טישן בעת מיר שפּילן, בעת מיין פידל, אַ פאַרקויפטע, מאַטערט זיך זיי צו געפעלן, מיין קאַלעגע.

צ ו ו י י ט ע ר : וואָס גייט דיך דאָס אָן ? וועמעס דאגה איז עס, צי מען הערט אונז, צי מען הערט אונז ניט?

ע ר ש ט ע ר : האָב געוואוסט, דו וועסט מיך ניט פאַרשטיין! דו ביסט ניט קיין קינסטלער און דו שפּילסט ווי אַ פּיאַנאָלאַ, אַ מעכאַניזם, וואָס אים אַרט ניט, צי מען קושט אים, צי מען שפּייט אַף אים.

צ ו ו י י ט ע ר : אַרט מיך טאַקע ניט.

ע ר ש ט ע ר: געווים ניט. דיך אַליין רירט ניט, ווען
דיין פידל ווײנט, ווען זי שרייט, ווען זי טריאומפירט,
אָדער ווען זי רעט — רעטשיטאַטיוו — דערציילנדיק
איר שמחה, אָדער טרויער. זי און דו — איר זייט
נאָר צוויי, ניט איינאײנציקער, ווי מײן פידעלע און
איך, זייט אפילו ניט אַ פּאָר! מיינע, ברודער, פילט
אַ באַליידיקונג, ווייל זי איז — איך, מיין נשמה־
אויסדרוק, מיין געזאַנגס־אינסטרומענט, אונז קען אַ
גראָביאַן אין אַ פראַק, אין אַ ווייסע העמד, מיט אַ
גאָלדענעם זייגער און קייט, מיט אַ פעטע קו באַם זייט,
אמאָל אַ הויכע, שטאָלצע שווייצער־קו, מיט אַ פיינע
צאַרטע הויט, דאָך אַ גראָבע האַרץ — זיי קענען ניט
פאַרשטיין אונז, און, ברודערל, מיר ליידן...

צ ו ו י י ט ע ר: מיר עסן ניט, דאָס איז זיכער. אַ כּפּרה
אַלע פעטע קי פאַר מיין מינדסטן נעגעלע.

ש ד: יע, נעם און עס! אַף דער וועלט שפּיי מיט די כּלות
און חתנים! מיט די מחותנים, געסט און אַלע אַנדערע
שוואַרץ־יאָר. וואָס טויג איצט דער רעדן, ס'וועט אמאָל
נאָך ווערן ערגער, ליבער קינסטלער, אַ מאַשין וועט
שפּילן און דער כּלי־זמר וועט זיין אַ מאַשין, דאַן וועט
זיין אַ חתונה, אַן אַנדערע, מיט גליק, ווי עס איז געווען
פאַלש ווי די, מיט אַ דור צוריק.

## VII

## ווידער אירע עלטערן

ש ד: הערסטו, גאָר אינגאַנצן זייט פאַרשטומט איר. עסט
איר אַזויפיל, אָדער זייט איר אַזוי שטאַרק פאַרזאָרגט
— צום באַנקראָט האָט איר נאָך דריי־פיר וואָכן. אפשר

העלפט אוים דער מחותן, לאָמיך ווידער הערן יעפּעם אַ גוט וואָרט פון אייך.

ע ר: פאַרשטומט איז די מוזיק. טאַקע צו מיין האַרצן...

ז י: אימעצער וואָלט מיינען, דו ביסט אף דיין קינדס לויה, ניט אין גוטער שעה צו רעדן, ניט אף איר חתונה. חוץ דעם איז געווען די צייט צום רעדן בעת די מוזיקאַנטן האָבן נאָך געשפּילט, ניט ווען זיי עסן.

ע ר: מען דאַרף ניט שרייען. רעדן שאַדט ניט. אָבער וואָס איז דאָ צו רעדן? וואָלט געוואָלט עס זאָל זיין אַ סוף שוין. רק די פּוסטע גאווה! דער מחותן איז גע־ווען צופרידן, די כלי־זמרים און די גאַנצע חתונה אף זיך צו נעמען, האָט דיר ניט געפּאַסט. און איינגעלאַדן האָט מען, צי מען דאַרף, צי ניט, אַ האַלבע שטאָט.

ז י: פאַרגעסטו אָבער די מתנות, אַ קלייניקייט אַ ביסל!

ע ר: איך פאַרגעס זיי גאָרניט. מיר, אין אָפּים — מיין קאַסירער מיטן בוכהאַלטער און איך אַליין האָבן די פּרעזענטן אָפּגעשאַצט; די אַלע וואונדערבאַרע זאַכן צאָלן דעם זאָל און די מוזיק, גאָרניט קיין שלעכטער געשעפט, כ'לעבן!

ז י: הייסט עס, דיין טאָכטערס גליק איז באַ דיר בלויז אַ פראַגע פון מזומן; צוגעלייגט אָדער געלט פאַרדינט. פאַרהייראַט גוט דיין טאָכטער האָסטו יענדפאַלס.

ע ר: שושקענען זיך איז ניט נויטיק מער. די מוזיקאַנטן גייען ווידער שפּילן. גוט פאַרהייראַט, זאָגסטו? אַז פאַרהייראַט איז זי, ווייס איך. צי פאַרהייראַט גוט, דאָס ווייסט איין גאָט אין הימל.

ז י: און פאַרוואָס ניט דו?

ע ר: אַרטור איז אַריבער דרייסיק. האָט שוין פיל אין זיין לעבן דורכגעמאַכט און געגנוג גענאַשט, איז מיט בערטאַ לעווענסאָן — דאָ אין האָל — שוין פון לאַנג באַ־קאַנט.

ז י : איז וואָס :
ע ר : איז פּשוט דאָס. בערטאַ איז אַ פרוי. ניט פון די פיינסטע.
ז י : און פון וואַנען ווייסטו דאָס?
ע ר : מען הערט מענטשן רעדן און מען הערט.
ז י : ניט מען זעט, פיליכט...
ע ר . וואָס, דו ביסט מיך חושד?
ז י : אַ מיידל ניט קיין פיינע דאַרף דיר זיין ניט אומבאַקאַנט.
ע ר : רעדסט אומזין. יעדנפאַלס איז ניט דער אָרט דאַ וועגן דעם צו רעדן.
ז י : פריער איז געווען, ווארום ניט איצט?
ע ר : דו הער בעסער וואָס מען שפּילט
ז י : דו האָסט אָנגעהויבן.
ש ד : אויפגעהערט אין צייט. וואָס איר זענט היינט, וועלן זיין די ליבע קינדער פריער אָדער שפּעטער. אייער איידים וועט ניט בעסער פאַרן שווער זיין. און די טאָכטער וועט ניט ערגער זיין ווי די מאַמע אירע, אפשר אויך ניט בעסער ווי די שוויגער. דאָס איז זיכער, סיידן איך בין ניט קיין היגער.

## VIII

## דער גרויסער גאַסט און די געסט

אַ ל ע : ספּיטש! ספּיטש! *)
ג ר ו י ס ע ר  ג אַ ס ט : גלויבט מיר, ליבע פריינט, איך האָב ניט וואָס צו זאָגן, אייער גוטסקייט איבעראַשט מיך.

*) אַ רעדע.

**אלע:** ספּיטש! א ספּיטש! א טאָוסט!

**גרויסער גאסט:** איר גוטע, שלעכטע לייט, ווי איך זע, דריי איך זיך פון אייערע ליבע הענט ניט ארויס. ווייס ווי אפּצושאַצן אזא קאָמפּלימענט. דאַנק אייך הארציליך פארן כבוד!

**אלע:** הערט! הערט!

**גרויסער גאסט:** אָבער ווייסן מוזט איר, ליבע פריינט, זיכער פאַל איך דורך.

**אלע:** ניין. ניין! — אויף דעם פאָלק'ס אחריות — נעמען עס גאָר איינגאַנצן אַלע אויף זיך! —

**גרויסער גאסט:** (נעמט א גלאָז וואסער אין האנט אריין) הערט־זשע, מיינע ליבע, ווערטע מחותנים, חתן־כלה, קרובים טייערע און פריינט! מיר זענען דאָ צו פייערן בא אונזער יונגע פּאָר דעם שענסטן טאָג פון זייער לעבן...

(אַפּלאָדיסמענטן)

**שד:** וועלכער קען, פונדעסטוועגן, זיך אמאָל נאָך ווידער־הוילן....

**גרויסער גאסט:** אַט־דער שיינער טאָג איז א טאָג, ווען זיי ווערן אייגנטלאך געבאָרן, ווייל א מענטש איז ניט קיין מענטש — די יונגע פריילינס און די יונגע לייט, וואָס זענען דאָ, וועלן מיר פארצייען — זאָג איך, ניט קיין מענטש, אין דעם פולן זין פון וואָרט, כל־זמן ער איז אָן א לעבנס־חבר, אָן א לעבנס־חבר'טע.

(אַפּלאָדיסמענטן)

הייסט דאָס, אז דעם טאָג, ווען אזעלכע קעגנזייטיק, צערטלאך־ליבנדיקע, צוויי יוגנטלאַכע מענטשן־קינדער גייען, וואָלט איך זאָגן, אין גן־עדן פון דער ליבע, דורך דער פראָנט־טיר פון הייראטן אריין...

(אַפּלאָדיסמענטן)

ווערן זיי ערשט אין אן אמת'ן געבאָרן...

ש ד: אָדער קאַנדידאַטן פאַרן גט־געריכט...

גרויסער גאַסט: יע, אין אמת'ן געבאָרן. דאַן ערשט ווערן זיי, וואָס די תורה רופט, „לבשר אחד", „איין פלייש, ווי מיר זאָגן, צוויי, צונויפגעשמאָלצענע, צוויי צונויפגעגאָסן אין איינאייינציקער פּערזאָן.

(אַפּלאָדיסמענטן)

ש ד: ביזן ערשטן קריג, ווען ביידע גייען זיך פאַנאַנדער און מיט צוויי פאַר הענט רייסן זיך די נעזער.

גרויסער גאַסט: אָ, אין איין־איינציקע פּער זאָן, ליבע פריינט, אָבער ניט זיי אַליין, ניט די מחותנים אַליין, מיר, דאָ אַלע, פילן היינט זיך אייניק און פאַראייניקט, ווי איין האַרץ און איין נשמה מיט די יונגע טייערע פאַרליבטע.

(שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן)

ש ד: איבערהויפּט... אפשר בערטא לעווינסאָן מיט דעם חתן אונזערן. „אַלטע ליבע ראָסטעט ניט", זאָגט דער טייטש.

גרויסער גאַסט: אונזער אַלעמענס פּולס קלאַפּט אין איינקלאַנג מיט דעם רופּס פון די האָכצייט־קינדער, ווי זיי גייען האַנט אין האַנט און האַרץ אריין אין לעבן, צוויי פון דאָס נייע היינט געבאָרענע נפשות. און איך טרינק אויף דאָס וואָל־זיין, די געזונדהייט, פון די עלטערן פון ביידע צדדים, פון דעם חתן מיט דער כלה, פון די קרובים זייערע און די גאַנצע נאָבעלע געזעלשאַפט.

אַלע: און געזונט זאָל זיין דער רעדנער!

(זיי אַפּלאָדירן שטורמיש)

גרויסער גאַסט: מיינע ווערטע דאַמען און הערן, הערצלאַך דאַנק איך!

(די פאַרזאַמלטע דריקן אים די האַנט, מאַנכע זאָגן „יישר כח", אַנדערע: „טעהנק יו", אַן אַלטע דאַמע כאַפּט זיך אים קושן).

ש ד: ער האָט זיי צעוואָרימט. דאָס איז אמת, אָבער קיי־נער האָט אַ פּערטל וואָרט ניט פון זיין ספּיטש געגלויבט. געוויס, ניט ער אַליין, ניט חתן־כּלה און ניט, ווען זיי ניכטערן זיך אויס, אָט־די אַלע.

## IX

### זיינע עלטערן

ז י: מיר דוכט, דו ביסט געשלאָפן ביזן טאָוסט, ערשט דער רעדנער האָט דיך אויפגעוועקט.

ע ר: וואָס־זשע ווילסטו, טייערע? טאַקע אונזער חתן, אָבער לאַנגווייליק איז דאָ געווען גאָר אָן אַ שיעור, און די „געטלאַכע מוזיק“! דאָס שלעפּערט איין אונזער אייגעם, אַ געשעפטסמאַן, ווי דיין מאַן.

ז י: טו פאַרוואָס האָסטו אַ וואָרט ניט אויסגערעדט מיט דיין ווייב?

ע ר: וואָס ווילסטו זאָל איך רעדן? בין אַ פּראָסטער ביזנעסמאַן, איך מאַך קיין קאָמפּלימענטן ניט און זאָג קיין ליגנס ניט, סיידן אפשר אין געשעפט...

ז י: אביסל שטילער רעד.

ע ר: ווייסטו וואָס איך קלער? דער מחותן איז מכולה און ער רעכנט, קלער איך, אַף מיין הילף.

ז י: וועסט אים אונטערטראָגן?

ע ר: ניט בא מאָטיען! אין געשעפט זענען ניט פאַראַן קיין מחותנים. האַנדלשאַפט, זאָגט דער טייטש, איז ניט קיין ברודערשאַפט. אי, מיין זונס שדוכים!

ז י: צווישן זיך גערעדט האָט דיין זון אין איר זיך פאַרליבט, ניט זי אין אים.

ע ר: פאַרליבט זיך? וויפיל מאָל קען מען זיך פאַרליבן?

ז י: דאַרפסט דאָס בעסער וויסן. איך בין אַ יונג קינד געוועזן, ווען איך האָב דיך גענומען.

ע ר: יעדנפאַלס, בין איך היינט אַ ביזנעסמאַן און איך זאָג דיר שוין: ער קריגט דער מחותן, ניט אַ רויטן סענט באַ מיר. אַף דעם שידוך האָט איך קיין חרטה ניט. אָפּגעטאָן... נו, איז פאַרפאַלן. חרטה, ווייסטו דאָך, מיין ווייב, איז קיינמאָל ניט געווען מעשה סוחר. זע, דער עולם גייט זיך שוין פאַנאַנדער.

(אַלע זעגענען זיך).

ש ד: זיכער איז, אַז איר צוויי אַלטע וועט שויןביידע אויסלעבן די יאָרן ווי אַ באָבע און אַ זיידע. אפשר פרייליכער ווי אַף דער חתונה דאָ היינט, צווישן אַזויפיל טייערע און ליבע געסט, וועלכע עסן, וואו זיי קענען, גערן קעסט, מאַכן אומעטום אַ „מוציא“, וואו ס'איז דאָ אַ חלה, צי באַ אַ מזל־טוב, אָבער באַ אַ חתן־כלה.

כ ת ל י צ נ י ם:

קומט רחמנים בני רחמנים,
זיפצט זיך אָפּ מיט די מחותנים,
געגעצט מיט אונז — כת־ליצנים —
מיטן הויז־געזינד פון טייוול,
זיפצעט, געגעצט, איר משפחה,
בעת זי ווערט אַ יונגע ווייבל,
טוט צוריק אָן שווארצע שיך
און געזעגנט זיך — מיט זיך.

צווייטער בילד.

# די לויה

## פערזאנען:

זיין זון און זיין טאכטער.
זיין פעטער און זיין מומע.
צוויי רייכע פריינט.
דער קברן און זיין פורמאן.
דער חזן און דער שמש.
א אינגעלע און א מיידעלע.
צוויי ארבעטער.
דער קנעכט און דאס קינד.
דער קנעכט און דער הענט.
דער שד.
די בת־ליצנים.

## די סצענע:

(דער ארויגאנג צום בית־עולם. — עס זעען זיך פון ביידע זייטן פארשיידענע אפטיילונגען: די „קרקע" פון אלערליי חברות און נאציאנאלע ארגאניזאציעס, יעדע מיט א באזונדער „גייט" (טויער), וואס פירט צו די שורות פון קברים).

## I

## צוויי רייכע פריינט.

ע ר ש ט ע ר : און אינגאנצן איז ער קנאפע זעכציק יאר געווען אלט... א, שרעקלאך, שרעקלאך! בא מיין אידישקייט.

צ ו ו י י ט ע ר : און, שרעקלאך איז דערפאר קיין ווארט ניט! ערשט א וואך צוריק האב איך אים געזען. ווי שכל'דיק האט ער גערעדט! וואס פאר א געזעצטקייט! וואס'ר א מח!

ע ר ש ט ע ר : און א מעבל־פאבריקאנט, פון דערהיים א פראסטער סטאליער....

צ ו ו י י ט ע ר : שנעל האט ער זיך ארויפגעארבעט און איז געשטארבן א גביר־עצום היינט. וואס האב איך איך אנגעהויבן צו דערציילן ? יע, איז ווען איך האב אים דאן צום לעצטן מאל געזען, האט ער גערעדט טאקע וועגן זיינע טראבלס. א, ווי קלוג! ער האט קלאר באוויזן, ווי פארברעכעריש לגבי זיך און ווייב און קינדער, שוין גאר ניט רעדנדיק מכח אים, דעם באס אליין, די סטרייקערס האנדלען. שניידן, מאכט ער, מיר אין בגד, זיך און פלייש. די נארן, מאכט ער, פרעג זיי, וואס זיי ווילן, מאכט ער, וואס פארלאנגען זיי?... זאל איך, זאגט ער, זיי מיין אייגנס, מיין פארמעגן, זיי מיין גאנצן ריוח, מאכט ער, געבן?. און אט איז ער טויט! ווי ניט געווען אף דער וועלט.

ע ר ש ט ע ר: ניט צו זינדיקן מיט די רייד אַזוינע, עפּעס ווי אַף אַ מין סטרייק גייט אַרויס אַזאַ נשמה! עפּעס אַזוי האַסטיק, דיר־ניט־מיר־ניט, מיטאַמאָל!

צ ו ו י י ט ע ר: מיטאַמאָל וואָלט איך ניט זאָגן. ער, מיין פריינט, האָט קיינמאָל ניט געהיט זיך, ניט אַ האָר... ניט אין עסן, ניט אין טרינקען האָט ער ניט געוואוסט, וואָס אַ מאָס הייסט. „טרינקסט צופיל“, זאָג איך, „זיי פאָרזיכטיק“; און ער, „נישקשה“, מאַכט ער, „נאָך אַ גלעזעלע פון אַזאַ ווייַן מעג“, מאַכט ער, „נעמען אפילו אַ קינפּעטאָרין“, מאַכט ער, „וועט איר גיין אין קריפּט“... היינט טו־וואָס מיט אַזוינעם, מוחל זאָל ער מיר זיין.

ע ר ש ט ע ר: נו, אָט איך, זעט איר, בין שוין ווידער גאָן אַן אַנדער מענטש.

צ ו ו י י ט ע ר: אייך קען איך. ווייסט איר? דאָס טויג אויך ניט. זאָגט דער עולם: אַלץ, וואָס צ ו איז אומגעזונט. גלויבט מיר, מיין פריינט, דער עולם איז שוין גאָר קיין גולם ניט. וואָס דאַרפט איר מער? אָט מייַנער אַ באַקאַנטער האָט זיך אויך צופיל גע־היט, האָט מער ווי איינמאָל אין אַ מיטן מיטוואָך אָפּגעריכט אַ תענית. אָט־אַזוי, אַ שטייגער, רייניק איך דעם מאָגן! היינט שפּאַצירן טעגלאַך מייַלן ווייט, און געבאָדן זיך עפּטער, ווי אַ חסיד גייט אין מקוה, און געמאַכט, להבדיל ווי אַ פּריץ, אַלערליי גימנאַסטיקע. מאַלע וואָס? און ער איז, ניט פאַר אייך גערעדט, מיטאַמאָל אַוועק פון דער וועלט צוריק מיט דריי חדשים, ווי אַ פייער וואָלט פאַרברענט אים.

ע ר ש ט ע ר: נו, רחמנא לצלן, אַלץ פּאַסירט, כדאיער לכל הדעות, איז צו היטן זיך, דאָס איז מיין כלל.

צ ו ו י י ט ע ר: אפשר זייט איר אויך גערעכט: מען קען

דען אין דערין אריינקריכן? עס איז אַ גאָט־זאַך! אויסזען זעט איר, קיין עין הרע, פיין אויס.

עדשטער: דאַנק אייך, פריינט, הלואי ווייטער, און איר? אייך פעלט אויך, געלויבט איז גאָט, ניט קיין געזונט. נו, אַ גוטן! טרעפן זאָלן מיר אַף שמחות זיך. זייט געזונט, מיין פריינטו!

צווייטער: גייט געזונטערהייט!

ש ד: און דאָס זענען דעם געשטאָרבענעמ׳ס צוויי גוטע פריינט, צוויי פון די בעסטע! קומען זיי דאָס אים באַגלייטן צו זיין אייביקער אמת׳ער רו, די היפּאָקריטן! יענער איז געשטאָרבן און זיי פּאַטשן זיך אין די בייכער: זיי לעבן! גוט איז אַפן הארצן זיי, זיי זענען די קלוגע. ער, דער טויטער איז דער נאַר, אפשר גאָר משוגע!

II

זיין זון און זיין טאָכטער.

ע ר: ווייזן ניט, שוועסטער מיינע, וואָס קען אים דאָס ווינען העלפן? דאָס איז אונזער סוף פאַר אַלעמען. ווער אביסל פריער, ווער אביסל שפּעטער... נו, גענוג שוין, מאַליע! איז ער ניט געווען, דען, מיינער אויך אַ פאָטער? איז מיין הארץ ניט אויך צעבראָכן? אָבער וואָס איז דאָ צו טאָן? פונם טויט קען קיינער ניט אַנטלויפן, קינד, און דער לעבעדיקער — ער מוז לעבן, צי ער וויל, צי ניט...

ש ד: און ער וויל! און ווי נאָך וויל ער? איבערהויפּט, ווען אַ בכבוד׳יקע ירושה איז אַ זיכערע דערוואַרטונג. אַי, וועט מען דאָס אביסל אַ לעב־טאָן! קוים באַדעקט

די ערד דעם אַלטן און אַ וואָכן דריי אים דאָרט באַ־
דעקט געהאַלטן.

ע ר : נו, גענוג, מיין שוועסטער, לאָז שוין זיין גענוג.

ז י : לאָז מיר וויינען, בערנארד, גוט איז דיר אַ מאַנסביל...
לייכט צו רעדן, אַז איך וויין ניט, פּלאַצט מיין האַרץ
אין מיר...

ש ד : נו, דאָס איז נענטער שוין צום אמת. צו פאַרהיטן, אַז
דאָס אייגן הערצעלע, דאָס טייערע, זאָל ניט, חלילה,
פּלאַצן, וויינט מען; ניט סתם נאָך אַ טויטן טאַטן.

ע ר : ווייסטו, מאַליע, איך האָב גאָר אָן אָנקל שטיין, אונ־
זער גוטן פעטער שטיין, פאַרגעסן, בעת איך האָב די
קערעדזשעס*) געאָרדערט.

ש ד : שאַדט ניט, אָן אַזאַ אביון צו פאַרגעסן איז נאַטיר־
לאַך, צי ער איז אַ קרוב אָדער ניט.

ז י : אָי וויי, אָי וויי, דאַרף דער אומגליק טרעפן גראָד אַ
חודש פאַר מיין חתונה! אָי וויי, אָי וויי!

ש ד : אַ גרויסע, גרויסע עולה! האָט ער וואַרטן ניט געקענט
כאָטש נאָך פיר וואָכן. ניין, די טויטע האָבן גאָר קיין
גאָט אין האַרצן ניט און האָבן קיינמאָל ניט געהאַט.

ז י : וואָס מאַכט, ווער ווייס, די מאַמע?

ע ר : זי איז געבליבן אין דערהיים. ניט געלאָזן האָט איר
גיין דער דאָקטאָר.

ז י : איז זי טאַקע ניט געזונט?

ע ר : דו פרעגסט נאָך? אָבער וויין ניט, זאָל זיין גענוג —
איז, חלילה, ניט געפערלאַך, אָבער קרענקלאַך!

ז י : בייזע צינגער וועלן איר באַרעדן...

ע ר : רעדסט און וויינסט, זאָג מיר, וואָס דו מיינסט...

ז י : די שטאָט ווייס, אַז דער פאָטער מיט דער מוטער האָבן
ניט גע....

---

*) קאַרעטן, אויטאָמאָבילן.

ע ר : ניט געשטימט ? נו, מאַלע וואָס? קינד...

ז י : און די רעדעריי גראד פאַר מיין... אָי, וואָס רייד איך? וויי, אָי וויי איז מיר...

ע ר : מיינסט דיין חתונה װעט מוזן ווערן אָפּגעלייגט, נו, געווים.

ז י : אָ, ליבער גאָט, וואָס וועט ווערן איצט פון מיר.

ש ד : פאַרשטייט! קען זיין ער האָט ניט קיין צוואה נאָכ־געלאָזן און דער ברודער איז קיין רך-לב ניט. אפשר ווערט דעם חתנ'ס ליבע (ווען דער נדן איז ניט דאָס וואָס ער האָט דערוואַרטעט און דערצו ווערט נאָך די חתונה אויך אָפּגעלייגט), שטאַרק אָפּגעלייגט... טו זאָגט טאַקע דער בדחן: וויין־זשע כלה, וויין! — גענוג פאַראַן חתנים — טרייסט דער שדכן!

III

## זיין פעטער און זיין מומע.

ע ר : אָפּגעלעבט א לעבן, און א שיינעם לעבן דוקא, פיל געהאַבעוועט, אָבער צדקה אויך געגעבן. מעשה גביר געלעבט, און מעשה גביר איז ער זיך געשטאָרבן! און דאָס לעבן זיינער ווי א שאָטן, וואָס פאַרגייט, ווען קיין ליכט איז ניטאָ מער; ווי א פויגעלע, וואָס פליט ווייט אַוועק אין די מרחקים; ווי א חלום, צי א שיי־נער, צי א מיאוסער, וואָס פאַרגייט. נאַר דערווייל... דו ווייסט זיך שטילערהייט, מיין צעטראָגענע, גע־פלאָגטע אַלטיטשקע, וויין, מיין ווייב, אָבער דו באַ־רעכן נאָר, מיר ביידע — דו איבער זעכציק, איך נאָך א פּאָר יאָר עלטער, און געלויבט השם יתברך, לעבן מיר נאָך היינט. אָרעם אַלע יאָרן, ניט דער־עסן, ניט דערטרונקען, ניט דערשלאָפן, זאַט מיט

דאגות נאָכאַנאַנד, דאגות פאַר פּרנסה, דורכגעשטופּט
אַ לעבן, אָבער ווי דאָס זאָל ניט זיין, אָט האָבן מיר
ניט ווייניק מענטשן אינגערע און רייכערע און אַ סך
געזינטערע אויף דעם וועג מלוה שוין געווען. אַ גאָט־
זאַך, אַלטינקע, אַ גאָט־זאַך. נו, ווייַן זיך אויס! אפשר
וועסטו נאָך דערלעבן צייטן בעסערע. האָב געטראָפן
נעכטן, גייענדיק אין שול, מיסטער ליוואַיער, דעם לאַ־
יער זיינעם און ער האָט צו מיר אַזוי צוגעשמייכלט,
אַז איך האָב פאַרשטאַנען...

ז י : וואָס האָסטו פאַרשטאַנען?

ע ר : אַז אין דער צוואה זיינער...

ז י : האָט ער טאַקע אַ צוואה נאָכגעלאָזן? האַ?

ע ר : אַזוי פאַרשטיי איך, און, משמעות, האָט ער אונז
— זיין אַלטן פעטער און זיין מומע ניט פאַרגעסן.

ז י : גאָטעניו, דיר!

ע ר : און געלויבט זיין הייליקער נאָמען!

ז י : אפשר אויף דער עלטער, וועל איך זיך צו אַ קאַרפּעטל
אין עסצימער דערשלאָגן. און אַ נייער טיש וואָלט
ניט געשאַדט, און דעם היינגלייכטער דעם מעשענעם
וואָלט איך, דעם פאַרזעצטן, אויסגעלייזט. . אָ, דאָך
אַ ירושה פונם זיידן, אונז צו לאַנגע יאָר, אָ, איך זינדיק
אונטער! אָי וויי, אָי וויי איז מיר! וואָס פאַר אַ רייד,
פאַר זינדיקע!

ש ד : קיין סכנות ניט! טרערן אמת'ע האָסטו נאָך אים פאַר־
גאָסן ביז דו האָסט ניט אין זיין טויט דיין נוץ דער־
זען; וואָלט ער אַ געבראָכענער געשטאָרבן, וואָלסטו
בלויז זיך מיט די יאָרן דיינע, וועלכע שטייגן מיט אַ
טוץ אריבער דיין פלימעניקס יאָרן, נאָר געפרייט. גע־
וויינט וואָלסטו אפילו דעמאָלט, ווייל באַ דיר איז
וויינען ניט קיין שלעכטער צייט־פאַרטרייב. איז ער
אָבער רייך געשטאָרבן און אַלס קלוגער מענטש האָט

ער געלאָזן אַ צואה, וואָס פון איר וועסטו אויך האָבן הנאה.

## IV

## דער קבּרן און זיין פורמאַן.

(אַפן בית־עולם).

קבּרן: הייסט עס, ניינצן קערידזשעס גענומען?

פורמאַן: ניינצן אויטאָס.

קבּרן: נו, נאַטירלאך אויטאָס, קען זיך פון די אַלטע נעמען אַלץ ניט אָפּגעוואוינען. הייסט עס, ניינצן, האָט געקענט זיך דאָס פאַרגינען. רייך ווי קרח איז ער דאָך געשטאָרבן. אַ לויה, ברודערל, אַ פּיטש! *) געוועזן אַ מחיה אָנצוזען. אַלע מיט אַ פולער האַנט, אַלע מעשה־גביר. בלומען פון די רייכסטע, האָט געמוזט אַן אייגנם קאָסטן און וואָס ניט... זאָג מיר נאָר, הער־ריס, האָט ער ניט געפרעגט קיין פּרייז?

פורמאַן: וואָס, פאַר די עקסטרא אויטאָס?

קבּרן: יע.

פורמאַן: איר מיינט דער זון?

קבּרן: נו, זיכער ניט בר־מינן.

פורמאַן: ניין, גאָרניט. מעגט אים שיקן אַ געזונטן, אָנגעפּויזטן ביל, ער וועט באַצאָלן.

קבּרן: יע, איך הער, דער זון איז ניט דער טאַטע.

פורמאַן: שפּענט געלט, רעכטס און לינקס. ניט דוקא אַף לויות.

קבּרן: ווער האָט דיר געזאָגט?

פורמאַן: דער שאָפער זיינער.

---

*) פערשקע (געמיינט „אַן אויסנאָם“).

ק ב ר ן: הערסטו?

פ ו ר מ א ן: שטעלט זיך איצט ארויס, אז אָט־דער זינדעלע האָט אויסגעהאַלטן דריי כאָריסטקעס.

ק ב ר ן: איינע נאָך די אַנדערע?

פ ו ר מ א ן: ווער קען זיי וויסן, אפשר טאַקע מיט אַלע מיט אַמאָל. דער טאַטע, הער איך, האָט אויך קיין הפסקות ניט געפּאַסט, ווען ער איז אָפּט פון דערהיים געווען אַוועק.

ק ב ר ן: דאָס האָט דיר אויך דער שאַפער זיינער...

פ ו ר מ א ן: יע, דערציילט, מיט אַלע פּיטשעווקעס, מעגט איר מיר גלויבן.

ק ב ר ן: הערסטו, אדרבה, נו דערצייל טאַקע.

פ ו ר מ א ן: ער, דער אַלטער, זאָגט ער, איז געווען א לאַנגע צייט פאַרליבט אין דער ווייב׳ס א גוטער פריינ־דין, א פאַרהייראַטע יונגע פרוי...

ק ב ר ן: אַזוי?

פ ו ר מ א ן: און דאָס איז ניט געווען קיין, וואָס איך וואָלט רופן, אומשולדיקע ליבע.

ק ב ר ן: הערסטו? ווייטער, ווייטער!

פ ו ר מ א ן: האָט דאָס אָנגעהאַלטן ביז דער אַלטער האָט איין טאָג אַן אויג געוואָרפן אַף א יונגער שיינער מיידל אין זיין פעקטאָרי, אָדער אין זיין אָפיס. האָט זיך די געליבטע זיינע פון דערפון דערוואוסט, איז זי אין א גרימצאָרן, ווי עס שיינט אריין, און דער סקאַנ־דאַל האָט אויסגעפּלאַצט.

ק ב ר ן: אי, אי, אי!

פ ו ר מ א ן: איז דער גאַנצער עסק — איצט דערגאַנגען צו דער אַלטער.

ק ב ר ן: נו, פאַרשטיי איך ווי דאָס קומט, אז די אלמנה איז געוואָרן מיטאַמאָל צו־קראַנק צו זיין באַם מאַנ׳ס לויה, דאָס האָט מן הסתם גאָרניט לאַנג צוריק פּאַסירט?

פ ו ר מ א ן : ווען די מיסעס, מיינט איר, איז געוואָר־גע־וואָרן?

ק ב ר ן : נו, אודאי.

פ ו ר מ א ן : יע, ערשט מיט א פאָר וואָכן צי חדשים — דאָס געדענק איך ניט — צוריק.

ק ב ר ן : ווּעסט מיר שפּעטער מער דערציילן. מען גייט מאכן אל מלא רחמים. ניין?

פ ו ר מ א ן : איך גיי צו מיין מאשין.

ש ד : איר, קברנים, אמוזירט זיך אף א שטייגער דאָ. איר אליין באגראָבט גאָרניט די טויטע. אייער עסק איז זיי ברייגגען צו דער קבורה, זיי באַרעדן איידער זייער קבר איז גרייט צו פארשלינגען זיי. אלע אמוזירט איר זיך דאָ אפן בית־הקברות. ערנסטקייט און אמת טויגן ווירקלאָך אף כפרות.

כ ת ־ ל י צ נ י ם :

לאָמיר טאנצן, לאָמיר שפּרינגען,
דאָ ארום די קברים;
לאָמיר שפּרינגען, לאָמיר זינגען,
שופר בלאָזן,
תקיעה, תרועה, שברים,
בעת מיר טאנצן און מיר זינגען
בעת מיר זינגען און מיר שפּרינגען
דאָ ארום די קברים.

## V

## דער חזן און דער שמש.

ח ז ן : אָפּגעפּראַוועט נאָך א קצינישע לויה! פּיל לויות היינט געווען דאָ, אָבער אלע אָרעמע, אן אָרעמע לויה איז א שרעקלאכע, מורא׳דיקע זאך. קבצנים, זעט איר, ווײ־

נען אָפּט מיט טרערן אמת'ע און ביטערע, האָבן ניט קיין פּניות זייטיקע, טראַכטן וועגן קיין ירושות ניט און זיי באַוויינען דעם געשטאָרבענעם טאַקע אַף אַן אמת.

ש מ ש: ווערטער גילדערנע האָט איר, הער קאַנטאָראָוויטש, דאָ אַרויסגערעדט. מיין כּלל איז: וויינען זאָל מען זיך בּאַ די אביונים לערנען.

ש ה: שווערן זאָלט איר ניט דערויף, רבותי! אָט איז היינט אַהער געבראַכט געוואָרן אַ געשטאָרבענער, פון יאָרן שוין אַ טויטער אביון, אַ פאַמיליען־פּאַטער, וואָס די פאַמיליע זיינע האָט אים לאַנג שוין ניט געהאַלטן פאַר אַ פּאַטער, גיכער פאַר אַ שטער אין יעדנס וועג, און מען האָט דעם זעכציק־יאָריקן באַקלאָגט, אָבער אין די הערצער האָט איר לייענען געזאָלט. וויינענדיק האָט איין טאָכטער מיך אין דער ברוסט געזאָגט: „אַראָפּ אַ שווערע לאַסט פון די פּלייצעס מיינע, אמת, ער האָט אונז בדלות ניט געשטעלט: מ'שטיינס געזאָגט, וויפיל מיין מאַן, מיין פאַרדינער, דער גרויסער, האָט געקענט זיך לאָזן קאָסטן, אָבער גאָט ווייס, ער איז פאָרט אַ לאַסט אַפן רוקן אונזערן געוועזן". — די צווייטע טאָכטער, וואָס בּאַ איר האָט ער געוואוינט, האָט וויינענדיק אין דער שפּראַך אָן ווערטער קלאָר געזאָגט: „גראַמער וועלן מיר אַביסל ענדלאַך לעבן. איינס אַף דעם אַנדערן געוואַלגערט האָבן מיר זיך זאַלבע־זיבעט אין פיר קליינע צימערלאַך. און דער טאַטע דאָ אינמיטן, טאַקע שווער געוועזן". און אָט האָט יעדער וויינענדיק אַ ברוך שפּטרני אַף זיין סבר דאָ געמאַכט. אפילו די, וואָס האָבן קיינמאָל ניט געגעבן אים אַ סענט, האָבן דוקא דאָס געהאַט, אין גרונד הארצן, אַף דעם שווער־באַלאָדענעם געוויסן און דערפון האָט דער טויט פון דעם אַלטן היינט באַ־

פרייט. צווישן טרערן לעז איך: ס'איז שוין לאַנג
געווען צייט.

ח ז ן : וואָס האָט איר געזאָגט?

ש מ ש : געוואָלט האָב איך וואָס זאָגן, איך געדענק אָבער
ניט וואָס... אָי, יע, איר ווייסט, אייער „אל מלא
רחמים" איז געווען אַ פיינע שטיקל אַרבעט...

ש ד : פּאַר אַ חשוב'ע מטבעה.

ח ז ן : ווי געפעלט אייך דעם זונס קדיש? ניט אַ ברעקל
עברי גאַנצע פון אָנהויב ביזן סוף.

ש מ ש : און דאָס האָט ער נאָכגעזאָגט, ווי איך האָב אים
פאָרגעזאָגט.

ח ז ן : אַ גראָבער יונג פאַרבלייבט עס, וויפיל געלט ער זאָל
ניט ירש'ענען.

ש ד : איצט גייט בײדע איר, צופרידענע, אהיים — און איר
דאַרפט ניט האַלטן עס געהיים.

## VI

### אַ אינגעלע און אַ מיידעלע.

ז י : ווייסטו וואו איך וואוין? דאָ אַרויפצוצו, ניט ווייט,
מאַכט מצבות שטיינערנע, מיין אַלטער פאָטער, און
ער קריצט די אותיות אויף די שטיינער אויס.

ע ר : לאָזט ער זען דיך וואָס ער קריצט אויף די מצבות ?

ז י : יע, אַזוי גיך ווי איך ענדיג נאָר מיינע לעקציאָנס.

ע ר : איז דיין פאָטער ניט אַ שלעכטער מענטש.

ז י : אָ, ניין!

ע ר : מיינער איז.

ז י : אַ שלעכטער ?

ע ר : יע, אַ שלעכטער, ווייסטו? וואוינען מיר דאָך אויך

ניט ווייט פון דאנען. ווען איך גיי אין שול ניט פרי, דאן זע איך דיך פון ווייטן.

ז י: ווילסט מיך טאקע זען?

ע ר: פארוואס זאל איך ניט וועלן! ווייסטו? גיי איך דאך אין סקול פריער ווי איר אלע. ער טרייבט מיך פון שטוב ארויס גאנץ פרי. האט מיך פיינט, ער.

ז י: איך האב דיך ניט פיינט.

ע ר: איך דיך אויך ניט. ווייסטו? ער איז גאר מיין פאטער ניט.

ז י: ניין? וואס דען?

ע ר: מיין מאמע'ס מאן איז ער און ער שלאגט מיך.

ז י: וואו־זשע איז דיין פאטער?

ע ר: לאנג שוין טויט.

ז י: ארעם קינד! האט מיינער אים געמאכט מסתמא די מצבה..

ע ר: ניין, מיר זענען ניט קיין רייכע מענטשן, קינד!

ז י: א, פאר מצבות צאלט מען געלט! און מיין טאטע צאלט פאר שטיינער. איינמאל זאגט מיין טאטע צו מיין מאמען: איכ'ל אויך א קליין ברעטל קריגן אויף צו־ קאפנס. קיינער וועט פאר מיר ניט מאכן קיין מצבה.

ע ר: ווייל איר זענט ניט רייך? אפשר וועט זיך אימעצער געפינען וועט אים שטעלן.

ז י: קלערסטו אזוי?

ע ר: נו, פאר־א־יארן איז אהער געקומען א ניט־רייכער, גאר ניט רייכער איד, אן אביון און מען האט בא־ גראבן אים מיט גרוים פאראד. איצט שטעלט מען אים גאר א פיינע אויסגעצאצקעטע מצבה.

ז י: און ניט רייך געווען?

ע ר: ניין, א שרייבער איינער, ווייסטו, וואס מאכט ביכער, וואס מיר לייענען.

ז י: זיי מאכט ניט א דרוקער?

ע ר : יע, ער אָבער האָט געשריבן זיי צום דרוקן., גאָר א גרויסער מאַן האָט מיר דער שמש דאָ געזאָגט.

ז י : האָט די מצבה ניט געמאַכט מיין פאָטער, מיינסטו?

ע ר : ווייס איך ניט. דו טרעף מיך מאָרגן דאָ, וועל איך דיר ווייזן די מצבה. פאַר־א־יאָרן האָט מען אים א הספד און א לויה א גרויסאַרטיקע געמאַכט, מען זאָגט אַלע שרייבער אידישע געוועזן זיינען דאָ, ווייבער האָבן עטלאַכע געוויינט.

ז י : אַזוי ? האָב דערפון גאָר ניט געהערט. דו לויפסט שוין ?

ע ר : יע, איך מוז, אַניט קריג איך געשלאָגן.

ז י : אָרעם קינד, נאַדיר א האַנט!

ע ר : איך וועל זיין דיין חבר.

ש ד : די לויה פון דעם גרויסן שרייבער וועל איך קיינמאָל ניט פארגעסן. א קליינִיקייט א ביסל, אים האָט מען הספדים אומגעוויינלאַכע געמאַכט מיט אומענדלאַך פיינע, לאַנגע בלומענפראַזן, מיט געטאָקטע, שיינע ווערטער אָן א שיעור. אָבער פון די הערצער וואָלט מען ווערטער העסלאַכע געהערט, ווען זיי וואָלטן אַף די ליפּן זיך באַוויזן. גלויבט מיר, קינדער, יעדער איז אין בערך געוועזן צופרידן. איינער איז דערלייזט געוואָרן פון א גרויסן קאָנקורענט; דער אַנדערער איז פּטור פון א פיינט געוואָרן, האָט א דריטער ענדלאַך אויפגעהויבן, וואָס ער רופט, „זיין קאָפּ“; א פערטער, פשוט נאָר א לעזער, א לאַנגיאָריקער פארערער, איז אין הארצן שוין דערמיט אַליין צופרידן, וואָס דער נפטר קען קיין נייע ביכער מער ניט שרייבן און ער, זיין לעזער, קען שוין לאָזן אַלע זיינע שריפטן בינדן אין איין גאַנצן שיינעם „סעט“, אַלע אין איין פיינעם באַנד, אפשר האַלב „מאַראָקאָ“, אפשר גאָר אין לע־דער, א כפרה די הוצאה. — אָט אַזוי וואָלט מען אָט־

נאָר די גלייכסטע זאַך וואָלט געוועזן, מיר ניט צו זאָגן קיין

דעם שרייבער, דעם באַרימטן, צו זיין רו, דער איי־ביקער דאָ היינט באַגלייט מיטן אמת, ניכטער, ניט געשוואַצטערהייט.

## VII

### צוויי אַרבעטער.

ערשטער: פרעג, וואָס האָבן מיר געהאַט צו טאָן דאָ, אויסער נושא־חן זיין בא דעם הער פאַרמאַן...

צווייטער: כדי אַז ער אַליין זאָל נושא־חן זיין באַם באַלעבאָס דעם נייעם.

ערשטער: ווייטער גאַרנישט.

צווייטער: גלויבסטו, אונז וועט בעסער זיין ווי פריער?

ערשטער: ניט פיל בעסער, ווי ס'ווערט די מייז, ווען עס קומט אַריין אין שטוב אַ קאַץ אַ נייע. וואָס איז אונז די נפקא־מינה?

צווייטער גלויבסטו ניט? ס'לייגט זיך אָפּן שכל מיר, דער יונגער וועט דערמיט אַליין שוין בעסער זיין, וואָס ער זייענדיק אַ לעבעמאַן, וועט זעלטענער אין פאַבריק זיך געפינען.

ערשטער: דאָ האָסטו אַ טעות! אמת, ער איז ניט קיין בעלן: ניט אױף קליי הייסע, אָדער קאַלטע, ניט אױף די מוזיק פון געזעגטע ברעטער און געהובלטע, קען זיך אויך באַגיין אָן שטויב פון זעגן, אָן שפּענער און אָן סטרוזשקעס, און איך גלויב, ער וועט זיך זעלטן ווייזן צווישן אונז...

צווייטער: דאָס איז דאָך, וואָס איך זאָג.

ערשטער: דו זאָגסט, אָבער דו דערזאָגסט ניט... דו פאַרשטייסט ניט, אַז וואָס וויניקער ער וועט בא אונז

זיין, און וואָס זעלטענער ער וועט זיך לאָזן זען, אַלץ שטריינגער וועט דער פאָרמאַן, וואָיעווען אין דער פאַבריק. בעת יענער וועט ארומטרייבן זיך אין פאַריז, אין לאָנדאָן, אין דער שווייץ, אין איטאַליען ערגעץ־וואו אָדער דאָ אין לאַנד אין לוסטיקע מקומות מיט אָדער אָן באַגלייטערקעס, סאַי ווייסע, סאַי שוואַרצ'חנ'עווודיקע, וועט דער פאָרמאַן זיינער, דעה געטרייער אונז דערגיין די יאָרן.

**צ ו ו י י ט ע ר :** כ'גלויב, דו ביסט גערעכט.

**ע ר ש ט ע ר :** געוויס בין איך גערעכט! וואָס, אין גרונד גענומען, איז אַ פאָרמאַן. דאַרף מען העכערן אַן אַרבעטער די שכירות, איז ער, נו, פאַרשטייט זיך, מאַכט־לאָז עפּעס אָן דעם באַלעבאָס' ידיעה ווען עס איז צו טאָן; בעט מען אין דער פעקטאָרי אַ האָרעלע מעה לופט און ליכט, אַ פענסטער אַ פאַרקלאַפּטן ערגעץ־וואו אָן עפן טאָן, קען, ער, דער פאָרמאַן, ליידער, גאָרניט טאָן. ניין, ווירקלאַך גאָרניט, ביז דער באַלעבאָס קומט פון דער פרעמד— ווען, איז שווער צו זאָגן — קומט צוריק אַהיים. קלערסטו, ווידער, אַז דו אַרבעטסט שטונדן פיל צו לאַנג און דו קומסט צו אים, צו דעם פאָרמאַן דיינעם, בעטנדיק, ער זאָל דיר דעם אַרבעט־טאָג פאַרקירצערן, קלאַפּטסטו ווידער אָן ניט אין די רעכטע טירן. ליידער, ליידער, קען ער גאָרניט אָן דעם באַלעבאָס אַזעלכע זאַכן טאָן. און ווען איר באַטראַכט, איז ער דאָך אייגנטלאַך אַליין אויך אַן אַרבעטער אַף שכירות, אַן אָנגעשטעלטער, אַבסאָלוט ניט מער! ווען אָבער ווערט ער, דער פאָרמאַן, אַ בעל־דעה איבער אַלץ, אַ „יאַ־טעבע־דאַם“, וואָס מען רופט — דאָס ווערט ער דאַן, ווען ס'קומט צום אַראָפּנעמען אַ דאָלאַר פון די שכירות. אַרבעטער אומנויטיקע אוועקצושיקן, ווען עס קומט צום

אויפפּאַסן, אַז אין אַן אַרבעט־שעה זאָל פּולע זעכציק מינוט ווערן יעדן טאָג געאַרבעט, דאַן איז ער, ברוך־דערקע, אַ באַלעבאָס, ויבוא המן, מיט די ביינער.

**צווייטער:** דאָס איז אָן שום ספק ריכטיק.

**ערשטער:** יענער, דער נאַר־וואָס באַגראָבענער, האָט ווייניקסטנס אַ באַלעבאָס געוואָלט זיין און באַ אים האָט אַ פּאַרמאַן ניט צו הויך דעם שנוק פאַררייסן. אמת, ער האָט אויך ניט פיינט געהאַט, וואָס אַלע האָבן האָלד, און זיין נשמה איז, אַזוי ווייט ווי איך געדענק, אויך קיין ראָזינקע ניט געוועזן; ווען עס רעדט זיך וועגן ליבלאַכע חטאים, פלעגט דער אַלטער, זאָל אים צו קיין גנאי ניט זיין, פאַרבלאָנדזשענען אַמאָל צו אַ פרעמדער באַלעבאָסטע. פלעגן מיר, די אַרבעטער, טאַקע אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

**שד:** הערסטו! האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס פאַרגינען אמת, ווייניק טרערן אַף זיין קבר און מאַכן ניט קיין הספד אַף דעם אַלטן, אָבער שאַצן אָפּ זיין לעבן און זיין טויט אַזוי ווייט, ווי דאָס באַרירט זיי גופא. דאָס איז עפּעס! אָבער בלייבן בלייבט דער שפּאַס, וואָס די איינציקע, וואָס זיי איז ערגער אָן אים, זענען אַרבעטער, נאַטירלאַכע דם־שונאים.

## VIII

## דער קנעכט און דער הונט.

**הונט:** האַו! האַו! האַו!

**קנעכט:** דו וואָיעסט, דו כלב, אונזערער, איך פאַרשטיי דיך, מיין ניט, איך פאַרשטיי ניט. אפשר ביסטו דאָ דער איינציקער, וואָס קלאָגט גאָר אָן פניות נאָך דעם אַלטן.

הונט: האו, האו, האו!
קנעכט: נו, אודאי! וואָס איז דאָ צו רעדן! ניט אומ־זיסט רופט מען דעם הונט דעם מענטשנ'ס חבר, זיין געטרייען פריינד...
הונט: האו, האו, האו!
קנעכט: נו, יעדנפאַלס, ווייס איך, אַז דו וואַרטסט ניט אַף קיין שום ירושה. דו ביסט דאָ דער אמת'ער.
הונט: האו, האו, האו!
קנעכט: אבל, ווייל דו האָסט אים אמת ליב געהאַט. און דו טרויערסט טאַקע נאָך אים ערלאַך.
הונט: האו, האו, האו!
קנעכט: און פאַרוואָס, צוריק גערעדט, זאָלסטו נאָך אים ניט טרויערן? האָט ער דיך, צו יעדער צייט, ניט ווי אַ פריינט באַהאַנדלט? האָט דיך זיכער ניט גע־שלאָגן, ניט געבריקעט מיטן פוס.
הונט: האו, האו, האו!
קנעכט: איך פיל מיט דיר, דו כלב ליבער, מיך זעסטו, באַרירט זיין טויט שוין ווייניקער. איך האָב פון דעם אַלטן קיין זאַך ניט געהאַט פאַר זיין לעבן און וועל ניט האָבן נאָך זיין טויט. פון זיין האַנט, ווי דו, האָב איך קיינמאָל, דו גלויב מיר, ניט געגעסן, און מיך אַרט ניט, ליבער פריינט, וואָס ער איז טויט!
הונט: האו, האו, האו!
קנעכט: אַנדערש, ווי געזאָגט, איז דיין פאַל, ליבער הונט.
שד: מענטש, איך זאָג דיר דו ביסט אומגערעכט ביז גאָר. מיטן הונט, אַ קנעכט, אַ דינער פון דערהיים, האָב איך פיל ניט וואָס צו רעדן. ער איז שוין בטבע אַזאַ נפש, אַז דו קויפסט אים — גוף, נשמה, ביין און הויט פאַר אַ פעטן ביין, פאַר אַ ברעקל האַרטע און פאַרדאַרטע צוויבאַק. דיר, אָבער, דו מענטש, מוז איך עפּעס

זאָגן, דו פאַרשטייסט דעם עסק ניט גאַנץ ריכטיק. אונזער הונט, מיין פריינט, וויינט אויך ניט סתם אזוי זיך, גאָר אָן פּניות, ווי דו מיינסט. וואָלט מען אים ניט גוט, ניט אנשטענדיק באַהאַנדלט גלייך פון אָנהויב, וואָלט ער צוגעבונדן צום אַלטן ניט געוואָרן, דו מעגסט זיכער זיין. איין זאַך, זעסטו, וויל איך מודה זיין, אָט־וואָס — ערלאַכער פּאָר מענטשן, זיין זאָלט איר געזונט.

הונט: האַו, האַו, האַו!

שד: גענאָסן בא דעם אמת!

כת־ליצנים:

אָ, דאָס איז אַן עכטער,
געטלאַך־וואונדערבאַרער שפּאַס!
פּלאַצן קען מען פאַר געלעכטער,
ווי דער רייף פּלאַצט אף א פאַס!
גאָרניט זייענדיק קיין שדים,
לאַכט איר, ווען די היפּאָקריטן
מאַכן זייערע הספּדים,
אַלע פון איין האָלץ געשניטן;
ווען זיי לאַכן, בעת זיי וויינען,
און ניט רעדן, וואָס זיי מוזן
און ניטאָ א וואָרט א רעכטער,
ניט איין איינציק אמת וואָרט,
אין א גאַנצער פולע קוואָרט,
ס'איז צום פּלאַצן פאַר געלעכטער!

נאָוועמבער 25, 1921.

## פ ע ר ז אָ נ ע ן :

דער אויבערשטער.
מטטרון.
ישוע שר הפנים.
מלאך מיכאל.
מלאך גבריאל.
מלאך רפאל.
מלאך אוריאל.
דיקרנוסא.
כרובים, שרפים, אראלים.
סמאל, מקטרג.
לילית און מלאכי חבלה.

## די סצענע:

**דער בית־דין של מעלה, הינטערן פרגוד, ראש־השנה, אפן הימל. — דער רבונו־של־עולם אף זיין כסא־הכבוד. ארום אים שטייען: ישוע שר הפנים, מטטרון, מיכאל, גבריאל, רפאל, אוריאל, דיקרגיסא (דער שר של פרנסה); הינטער דעם רבונו־של־עולם זעען זיך אין אַ קרייז כרובים, שרפים, אראלים און דער גאנצער בית דין של מעלה — פון איין זייט זעט זיך סמאל, דער שטן מקטרג; און פיל מלאכי חבלה קוקן ארויף פון אונטן.**

מטטרון

אויפן כסא הכבוד זיצט זיין מאיעסטעט,
דער רבונו־של־עולם, דער מלך מלכי המלכים,
געהייליקט, געבענטשט איז אף יעדן פלאנעט
זיין הייליקער נאָמען — שטייט אויף איר מלאכים!

מלאכים

(אויפשטייענדיק)

זיין הייליקער נאָמען זאָל ווערן פארערט
פון עק וועלט ביז עק וועלט, אף דער ערד,
און דא אין די הימלען, זאָגט: אָ הייליק!
אָ הייליק!

(איינע צו די אנדערע)

שרייט: הייליק, אָ הייליק, אָ הייליק!

מטטרון

געקומען איז, פריינט פון פמליא של מעלה,
דער טאָג, ווען גאָט משפט די פעלקער און ראסן.

מלאכי חבלה, זאָל שטיל זיין א ווײלע...
זאָל שטיל זיין א ווײלע...

לילית

מיר האסן די קינדער פון אדם, מיר האסן
און פלוכן זיי אלעמען...

מטטרון

זאָג איך, געקומען
דער טאָג פון געריכט איז. דער ערשטער צו ווערן
געמשפט איז גאָטס פאָלק איז...
(א נייער טומל אונטן)
איר זאָלט מיר פארשטיין
איך קען מיינע אייגענע ווערטער ניט הערן!
דער ערשטער איז, זאָג איך, פאראן אויף מיין צעטל
גאָט'ס אייגענע אומה, די קינדער ישראל,
ווער איז דער מקטרג?

סמאל

איך בין אין דיין בלעטל,
דער אָנקלאָגער בין איך, דער אלטער סמאל.

מטטרון

און ווער נעמט זיך אָן פאר די קינדער ישראל?

מיכאל

איך, טייער שר, איך דער מלאך מיכאל!

מטטרון

איצט, בית־דין־של־מעלה, רבונו של עולם,
מיר עפענען איצט דאָס געריכט פארן עולם.

דער אויבערשטער

דו קומסט היינט פארקלאָגן
די קינדער ישראל;
וואָס האָסטו צו זאָגן?
רייד אָפן סמאל.
און רייד אָן חניפות,

ניט ד ו קענסט מיך רימען,
אויך קענסטו מיט חריפות
מיין אורטייל ניט קרימען.
און זאָג ניט קיין ליגן,
דאָ איז ניט דער אָרט.
נו, כ'הער מיט פארגניגן
דיך, דו האָסט דאָס וואָרט!

מיכאל

אָ, הימעלשער פאָטער,
וואָס דארפסטו אים הערן?
פיל טויזנט מאָל האָט ער
געפּרואווט דיר פארשטערן
דיין נחת פון דיינע
געליבטעסטע ראסע
מיט יעדער זארט טענה,
מיט ליגנס א מאסע?
מיט ביטרע פּלפּולים —
דער וואָלף אין שאפ'ס וואָל —
מיט פאלשע בלבולים,
מיט קונצן אן צאל.

סמאל

דו ביזט נאָך דער אלטער
פארנארטער מיכאל:
צום וועלטן־פארוואלטער
אלס שר של ישראל,
קומסטו מיט בקשות
אים דרייען א מח
מיט יאלעווע דרשות
אָן טעם און אָן ריח,
ניט קלוג און ניט רעכט,
דו לאָז מיר נאָר ריידן,

און גאָט וועט אַנטשיידן
ווער פון אונז ביידן
האָט רעכט.

דער אויבערשטער

זייט רואיק איר ביידע,
איר דאַרפט זיך ניט קריגן;
די ערלאַכע רעדע,
דער אמת וועט זיגן.
עס מעג דיר טאָן לייד, דאָך הער אים, מיכאל,
קום נענטער, סמאל,
און רייד:

סמאל

רבונו של עולם און בית־דין של מעלה
און איר אַלע ערלאַכע הימל־באַוואוינער!
איך וועל אייך נאָר אויפהאַלטן אַ קורצע ווײַלע
ווײַל היינטיקער אָנקלאַגע־אַקט איז אַזוינער,
וואָס וועט בלויז פאַרנעמען אַ גאַנץ קורצע צייט.
איך לייג, דאַרפט איר וויסן, אַוועק אָן אַ זייט
די זינד פון יחידים, פון איינצעלנע אידן
אפילו פונם כלל קעגן גאָט און זיין תורה,
איך וועל צו באַשולדיקן היינט זיין צופרידן
דעם כלל פאַר חטאים בין אדם לחבירו.
גבריאל, מיין פריינט, דו דאַרפסט זען אַז עס זאָל
זיין אַלעם אַריינגעפירט אין פּראָטאָקאָל.

גבריאל

איך בין ניט דיין פריינט און דו דאַרפסט מיר ניט זאָגן,
וואָס איז און וואָס איז ניט מיין הייליקע פליכט.
אין מיין פּראָטאָקאָל וועל איך דאָס אַריינטראָגן,
וואָס מיר וועט באַפוילן דאָס העכסט געריכט.

אוריאל

די חוצפּה פון אים מיט פאַרשלייערטע חשדים
צו קומען אהער...

דער אויבערשטער

נענוג רייד פון דעם סאָרט!
איך הער אוים סמאל׳ן, הער אין מיין גנאָד אים,
לאָזט ריידן! סמאל, דו האָסט נאָך דאָס וואָרט.

סמאל

נו, קודם איז וויכטיק צו האָבן אין זינען,
אַז אונטן אַף דר׳ערד איז געוואָרן אַ מאָדע
צו רויבן, באַנוצנדיק קלוגע מאַשינען,
צו ראַבעווען גאָר אַף אַ נייע מעטאָדע, —
אַנשטאָט וואָס פאַרצייטן פלעגט איין בעל־מלאכה
איין העלפער באַנוצן, נאָר זעלטן־ווען צוויי,
אַ אינגל דערצו פון זיין שטאָט, זיין משפּחה,
אַ זון אַמאָל, אַרבעט צו טאָן אַלערליי;
און פלעגט אָט־דעם איינעם, דעם אָרימען אינגל
אין יאָך האַלטן, אויסנוצנדיק צו פאַרדינען
מער געלט, ווייניק לאָזנדיק נאַשן אַן אָרימען צינגל.
און ווייניק־וואָס אויך פון זיין פּראַצע געווינען, —
שטאָט דעם האַלט מען טויזנטער אַרבעטער איצט
אין איין אומגעהויערע גרויסע פאַבריק,
וואו יעדערער זיצט, און אַ ראָד דרייט, און שוויצט,
שאַפט אוצרות פאַר איינעם, וואָס האָט כלומרש׳ט גליק.
דערצו ווערן אונטן אַף ד׳רערד היינט געגרינדעט
געזעלשאַפטן, באַנקן און „קאָרפּאָראַציאָנען“,
און זיי ברייינגט צוזאַמען, פאַרסרסר׳ט, פאַרבינדעט
דער איד — די סמעטאַנקע פון אַלע נאַציאָנען,
און איצט איז דער פיינסטער פון אַלע בני שם
דער מיטל־זייל פון אַזאַ טעמפּל פון גזלה,
די שפּרינגפעדער פון אַזאַ מאָרד־רויב סיסטעם

די נשמה וואָס וואָלט אָן אים א נבלה
אָן לעבן, אָן רעגונג, אָן בלוט און אָן זאפט
דער איד, דער באנקיר, ער גיט איר די קראפט,
זיין רענטל געפינסטו רבונו־של־עולם
אין יעדן געשעפט, וואָס ברייננט אומגליק דער מאסע
און ע ר בלאָזט אריין א נשמה אין גולם
וואָס הייסט קאפיטאל, יאָ, ער און זיין ראסע
און ער איז דער הויפט־מאכער באם קאפיטאל
צום מאכן דעם רויב אינטערנאציאָנאל.
פאר העלזער די שטריק, פאר די לייבער די בייטשן
פלעכט איצט דיין ישראליק אין טויזנטער ערטער...

רפאל

(אויפשפרינגענדיק)

דאָס הערט איר דעם גיפטיקן אלווארט דעם טייטשן,
לויטער שענדלאכע אנטיסעמיטישע ווערטער.

דער אויבערשטער

רפאל, דו פאל אין די רייד ניט אריין!

סמאל

אַן אנטיסעמיט איז אַן ערע צו זיין...
און מיט דעם פארגלייך האָט ער מיך ניט באליידיקט.
און דאָן, אגב אורחא, ערלויבט מיר צו זאָגן,
אז נאָר מיט מיין מוח האָט אלווארט געפריידיקט,
ווייל איך האָב געלערנט אים ווי צו פארקלאָגן
די אומה ישראל, וואָס שלינגט איין די וועלט
שלינגט אליין וואָס אין איר, ווערט קיינמאָל ניט זאט.
לאָזט איבער דעם בליענדן בוים אָן א בלאט
און מאכט פון א טעמפל א רויבער־געצעלט.
אין גרונט האָט רפאל מיך ניט אונטערבראכן
ווייל אייגענטלאך בין איך כמעט שוין צו ענדע,
און טאָמער האָב איך ניט אויספירלאך געשפראָכן,
געגוי צו באווייזן, ווי אונטן די גרענדע

פירט אידעלע־גנב, איז דאָס ניט מיין פליכט
אַ וואונק איז גענוג פאַר אַ הימל־געריכט.
בלויז איין זאַך איז דא, וואָס איר גרויסע באַדייטונג
פאַרלאַנגט נאָך צום שלוס אַ באַמערקונג אַ קליינע:
אַ מעכטיקע ראָלע שפּילט אונטן אַ צייטונג,
אַ בלאַט, וואָס פאַרשפּרייט אַ מגפה אַזוינע,
מיקראָבן אַזעלכענע, גיפטיק־געפערלאַכע
וואָס מאַכן אַ חורבן אין מענטשלאַכע מוחות
פאַר'סמ'ען אפילו די גוטע, די ערלאַכע,
און זי אַט־די צייטונג ווירקט מיט אַלערליי כוחות.
די צייטונגען אָבער האָט ע ר אין די הענט,
דער סרסר ישראליק: איצט בין איך צו ענד!
(לילית און די מלאכי חבלה אַפּלאָדירן).

ישוע שר הפנים

שטיל גיהנם געמיינדע, ניט אַזוי מונטער
און קלאַפּט איר דאָ נאָכאמאָל, גייט איר אַרונטער.

דער אויבערשטער

גאַנץ ריכטיק! איר העלישע גייסטער, זייט אַרטיק,
אַליין אַף זיי אויפפּאַסן מוזטו, סמאל!
אהער קום מיכאל, אויב דו ביזט שוין פאַרטיק
און זאָג אונז דיין זאָג פאַר די קינדער ישראל.
נאָר האַלט זיך געלאַסן, דו רייד קורץ און שאַרף
באַדיינק וואָס דו רעדסט, און רייד ווי מען דאַרף!

מיכאל

רבונו־של־עולם! דו וועסט ניט פאַרלאַנגען
צופיל פון מיר, נאָך אַזאַ שוואַרצע מסירה,
אַ קייט פון צוזאַמענגעפלאָכטענע שלאַנגען,
די גיפטיקסטע, וועלכע ער האָט אין זיין דירה
דער שטן מקטרג, דער פירשט פון דער העל,
דאַך בינדיק און קורץ דאַרף איך זיין און איך וועל
איצט וואָס איז תוך אַט־די שרעקלאַכע קלאַגע?

ער זאָגט! אז דיין פאלק איז אליין אין דעם שולדיק
וואָס ארבעטער ליידן. עס איז נאָך א פראגע,
אויב חוץ זיי אליין — וואָס ליידן געדולדיק, —
איז אימיצער דא, וואָס קען זיין אין דעם שולד,
חוץ טאקע די טוערס מיט זייער געדולד.
נאָר לאָמיר שוין זאָגן, אז די ספעקולאנטן,
די גרינדער פון טויזנט־ערליי קאָרפּאָראציעס,
די קרעמער, די וועקסלער, חוץ פאבריקאנטן, —
אז ז י י זענען שולדיק! נו, זאגט, וועלכע נאציעס
פון זיי זענען פריי? און זיי גייען קרום
אָן ניינצן יאָרהונדערטע מארטירערטום!
ניט ז י י האָט פון מוטער־ערד'ס בוזים געשידן
א בייזער טיראַן, וואָס האָט גזרות געשריבן;
ניט זיי האָט מען פארפאלגט כסדר, ווי אידן,
ניט זיי האָט מען פון צעכם, פון האנט־ווערק פארטריבן,
ניט זיי האָט האָט געצוואונגען א פאבסט געלט צו געבן
און דאן אף א פאבסטלאכן פייער דאָס לעבן
און דאן אף א פאבסטליכר פייער דאָס לעבן
פארלירן, אין הייליקע פלאַמען בראָטן
ניט זיי האָט מען שטענדיק פון לענדער געיאָגט,
זיי צווינגענדיק, ווי מ'האָט אידן געצוואונגען,
צו האָבן אין בוזים אלץ וואָס מען פארמאגט
און דאָס איז מיט גאָלד בלויז מיט פערל געלונגען?
ווען ס'קומט צו באהאלטן זיך אונטער דער ערד,
בשעת מען אנטלויפט פון א בלוטיקן שווערד. —
נאָר איין זאך וועל איך ניט, און דארף ניט באשטרייטן
דאָס איז, אז דער איד ברייננגט די פעלקער צוזאמען
אין מסחר. דאָס האָט אָבער ניט צו באטייטן
אז דו, גאָט גנעדיקער, דארפסט זיי פארדאמען
ווייל אָט־די פארענדערונג פון קאפיטאל
זי גופא העלפט מאכן די וועלט סאָציאל.

ווער ווייס וואָס סמאל האָט היינט פאַר רעיונות
ער רעדט עפּעס נאַרישער פיל ווי געוויינלאַך,
צי האָט ער אקאַרשט ניט געהאַט קיין בזיונות
פון לילית'ן היינט...

סמאל

האַלט! דאָס ווערט צו פערזענלאַך.

מיכאל

אַנטשולדיק! איך מיין בלויז, דו רעדסט היינט ניט קלוג
און, דאַכט זיך, אַזוי האָסטו שכל גענוג.

לילית

און מיך וועסטו, בעט איך דיך, לאָזן צורו:
ניט קען איך דיך, ניט האָב איך חשק דערצו.

מיכאל

סמאל, מען ווייס דאָ אין בית־דין־של־מעלה
אַז ניט אַלע אידן פאַרלייגן די מוחות
אַף שווינדל, און זענען דאָס לעבן מבלה
פון מענטשן וואָס אַרבעטן, בלייבן אָן רוחות,
מען ווייס, אַז פאַר יעדן האָבון, וועלכער רויבט,
געפינט זיך אַ אידישער קעמפער, וואָס גלויבט, —
וואָס גלויבט און וואָס האָפט און פאַרשפּרייט די אמונה
אין מענטשלאַכע גלייכהייט פון יעדער טריבונע;
וואָס וויל, אַז קיין מענטש זאָל ניט האָבן קיין זאָרגן
פאַר ברויט, פאַר פרנסה...

דיקרנוסא

וואָס הייסט, פאַר פרנסה?
פרנסה איז מיין זאַך... הוצאה, הכנסה...

מיכאל

איך ווייס... אַז מען זאָל מער ניט לייען און באָרגן;
פאַר יעדוועדן אידישן גרויסן האָבון
געפינסטו אַ טויזנט, וואָס טראָגן די תורה,
די נייע, אַרום אין דער וועלט, ווי אַ סחורה

א טייערע, נייע מציאה, אונטער דער זון.
מען ווייס דאָ אין בית־דין של־מעלה, סמאל,
ווער ס'זענען די מענער, די גרויסע געוועזן
וואָס האָבן קיין אומרעכט ניט דולדן, ניט זען
געקענט... אָ, מען ווייס, אז מזרע ישראל זיי
שטאמען. מען ווייס, אז שטייען אין אין פעלד
צוזאמען מיט מער ווי איין גוישן העלד ..
און בויען, אין איינעם, א בעסערע וועלט,
א פרייערע וועלט, אָן רציחות, אָן געלט...

(מלאכים ווילן אפּלאָדירן און האַלטן זיך צוריק).

דער אויבערשטער

גענוג, ליבע קינדער!
מיר האָבן אייךביידן
געהערט איצטער רעדן,
נו, דאַרף מען אונטערשיידן,
צי איז ער א זינדיקער
ישראליק — צי ניט.
איר, בית־דין של מעלה,
פאַרשטייט איצט די פראגע,
דעם זין פון דער קלאגע,
באקלערט אף א ווײלע
די רייד פונם קטיגור,
די רייד פונם סניגור,
און וואָס פאַר א פּסק איר האָט —
גיט!

גבריאל (נאָך א קורצע פּויזע)

דער פּסק, וואָס דער בית־דין קען געבן
איז קלאָר: אויב די קינדער ישראל
פארבלייבן ווי זיי האָט געשילדערט מיכאל,
דאַן זאָלן זיי לעבן!

באָסטאָן־ניו יאָרק, 1921-1895.

# אינהאַלט: